## כאַווער-פּאַווער

# וואָוויק

### מעשה׳לעך פון אַ בראָנזווילער הינטעלע

1293

אילוסטרירט פון

**מאָזעס סאָיער**



אַרויסגעגעבן פון

**כאַווער־פּאַווער בוך קאָמיטעט**

לאָס אַנדזשעלעס, קאַליפאָרניע, 1947

## אינהאַלט:

יך וועל אייך דערציילן מעשיות וועגן
וואָוויקן, דעם בראָנזווילער הינטעלע.
מעשיות טרויעריקע, פריילעכע און לאַכנדיקע.

# לאַבזיק און גליקל

ווי אַזוי לאַבזיק האָט חתונה (כאַסענע) געהאַט און איז געוואָרן אַ טאַטע, האָב איך אייך נאָך קיינמאָל ניט דערציילט.

און ווי אַזוי מוליק האָט חתונה ( כאַסענע) געהאַט און איז געוואָרן אַ טאַטע, האָב איך אייך אויך נאָך קיינמאָל ניט דערציילט.

ס'איז געווען אַזוי:

אין איין שיינעם טאָג, נאָך פסח (פּייסעך), ווי אַ גרויסער שווערער טראָק האָט זיך אָפּגעשטעלט פּונקט אַנטקעגן לאַבזיקס הויז.

האָבן תיכף (טייקעף) בערל דער אָפּערעיטאָר, זיין ווייב מאַלי, דאָס טעכ־טערל רבקה (ריווקע), דער זון מוליק, און פאַרשטייט זיך אויך לאַבזיק, אַרויס־געשטעקט די קעפּ דורכן פענסטער, זען וואָס קומט דאָ פאָר.

האָט מען פריער אַראָפּגעטראָגן פון טראָק אַ גרויסע, בלויע קאַנאַפּע. דער־נאָכדעם אַ ווייסן שווערן אייז־קאַסטן. דערנאָכדעם אַ שוואַרצע ברייטע פּיאַנאָ. און דערנאָכדעם נאָך און נאָך הויז־זאַכן.

— הפּנים (אַפּאָנעם) אַז מען קלייבט זיך אַריין אין אַפּאַרטמענט אַנטקעגן — רופט זיך אָן בערל דער אָפּערעיטאָר.

— זיי זאָלן כאָטש זיין ווּאוילע מענטשן, די וואָס קלייבן זיך אַריין אין אַפּאַרטמענט אַנטקעגן — מאַכט די מאַמע מאַלי און טוט אַ זיפץ.

— אַ כפּרה (קאַפּאָרע) — מאַכט בערל דער אָפּערעיטאָר — פאַרוואָס זאָלן זיי ניט זיין קיין ווּאוילע מענטשן. אַלע מענטשן זיינען ווּאוילע.

— יאָ, — רופט זיך אָן די מאַמע מאַלי — אַלע מענטשן זיינען טאַקע ווּאוילע, אָבער ס'זיינען דאָ אַזוינע מענטשן, וואָס זיינען ניט קיין ווּאוילע.

— למשל (לעמאָשל) — איז שוין בערל דער אָפּערעיטאָר אין כעס (קאַס), וואָס מען רעדט אים אַנטקעגן.

— למשל? — ענטפערט די מאַמע מאַלי — קאַלמען מיט דער לאַנגער נאָז, וואָס האָט טאַקע פריער געוואוינט אין דעמזעלביקן אַפּאַרטמענט אַנטקעגן, און



האָט אָפּגעפּאַרעט אונדזער לאַבזיקן מיט הייסער וואַסער.
אַז לאַבזיק האָט דערהערט דעם נאָמען: „קאַלמען״, האָט ער גלייך אַ צוויי, דריי, האַווקע געטאָן. ס׳ליגט אים נאָך גוט אין טעם די הייסע וואַסער.
— פון איין מענטשן, איז ניט קיין משל — ענטפערט בערל און ווערט נאָך מערער אין כעס (קאַעס).
ווייסט די מאַמע מאַלי פון נאָך מענטשן, וואָס זיינען ניט אַזוינע ווּאילע, אָבער זי שווייגט שוין. וויל ניט מען זאָל זיך קריגן צוליב דעם.
דערווייל שטעלט זיך אָפּ אַ צווייטער טראַק מיט נאָך שטוב-זאַכן: ווי בעטן, בענקלעך, טישן, פּעק מיט ליילעכער, קאַלדרעס און קישנס. און ס׳שפּרינגט גלייך אַראָפּ פון דאָרטן אַ הינטעלע מיט לאַנגע געלע האָר איבער די אויגן, און מיט אַ געקרייזלט ווייס ווײדעלע.
— אוי, וואָס פּאַר אַ שיין הינטעלע — טוט רבקה אַ געשריי אויס.
— אַ כפּרה (קאַפּאָרע), טאַקע אַ שיין הינטעלע — מאַכט דער טאַטע בערל.
— און קוקט, קוקט, ווי די אויגן זיינען דעם פאַרשטעלט מיט לאַנגע האָר
— רופט זיך אָן די מאַמע מאַלי — ווי אַזוי קאָן דאָס זען, ווי אַזוי צו גיין?
— ס׳זעט שוין — ענטפערט דער טאַטע בערל און איז בייז.
דאָס איז ער נאָך בייז פון פריער, בערל, וואָס מאַלי האָט זיך געשפּאַרט מיט אים וועגן ווּאילע מענטשן.
און לאַבזיק? לאַבזיק האָט גאָרניט געזאָגט, נאָר עפּעס אַ טיפן זיפץ געטאָן.
וואָס האָט געמיינט אָט דער דאָזיקער זיפץ, האָט קיינער ניט געוואוסט. אפשר האָט דאָס האַרץ אים שוין געזאָגט, אַז ס׳קומט אויף אים עפּעס אַ צרה (צאָרע).
און דערווייל, ווי מען חידושט (כידושט) זיך אַזוי איבערן הינטעלע מיטן געקרייזלטן ווײדעלע, ווי ס׳שפּרינגט אַראָפּ פון טראַק אַ יונג מיידל מיט רויטע האָר. יאָ, מיט רויטע האָר און מיט לאַכנדיקע ברוינע אויגן.
— וואָס פּאַר אַ שיין מיידל!! — שרייט אויס מוליק.
— אָט האָסטו דיר — איז די מאַמע מאַלי עפּעס ניט צופרידן — טאָמער האָט זי רויטע האָר — איז וואָס? מיר האָבן שוין געזען אַזעלכע זאַכן.
— זי איז אַ שיינע, אַ שיינע. אַזאַ יאָר אויף מיר — מאַכט בערל און ווינקט פריילעך מיט אַן אויג.
— קוק אים נאָר אָן — בייזערט זיך די מאַמע — אַ נייער ווייסער.
— אַ כפּרה (קאַפּאָרע), וואו איז לאַבזיק? — טוט זיך מוליק אַ כאַפּ.
(דאָס האָט מוליק אָפּט מאָל ליב צו ריידן מיט אַ „כפּרה״ ווי דער טאַטע זיינער.)
לאַבזיק איז שוין ניטאָ ביים פענסטער. לאַבזיק איז שוין אונטן, אינדרויסן ביים טראַק און האַווקעט בייז אויפן פרעמדן הינטעלע.
נעמט דאָס פרעמד הינטעלע און האַווקעט אויף צוריק. פאַרדריסט דאָס

לאַבֿזיקן און הייבֿט אָן בֿורטשען אויף דעם זייער בייז. בֿורטשעט דאָס הינטעלע אויף צוריק, אויך זייער בייז.

ווערט שוין לאַבֿזיק נאָך מערער אין כעס (קאַעס), בֿויגט אויס דעם האַלדז, שטעקט אויס די מאָרדע, באַווייזט זיינע שאַרפֿע ציינדלעך און מאַכט: ג״ר, ג״ר, ג״ר.

בֿויגט אויך אויס דאָס פֿרעמד הינטעלע דעם האַלדז, שטעקט אויס די מאָר־דע, באַווייזט די שאַרפֿע ציינדלעך און מאַכט אויך: ג״ר, ג״ר, ג״ר.

— גליקל, גליקל — קום אַהער — הייבֿט אָן צו שרייען דאָס שיין מיידל מיט די רויטע האָר, — די מינוט זאָלסטו מיר אַהער גיין.

— כאַ, כאַ — צעלאַכט זיך רבֿקה, הויך אויף אַ קול — אַ הינטל זאָל דיר גאָר הייסן: גליקל. גליקל־שמיקל.

— אַ כּפּרה (קאַפּאָרע) — איז אין כעס (קאַעס) דער טאַטע בערל — וואָס איז דאָ וואָס צו לאַכן. נו, און לאַבֿזיק איז אַ שענערער נאָמען?

— מוליק — דערשרעקט זיך די מאַמע מאַלי — לויף גיכער אַראָפּ און נעם אַריין לאַבֿזיקן, אַז ניט וועט מען זיך נאָך איינער דעם אַנדערן צערייסן ווי די הינט.

לויפֿט מוליק אַרונטער, טוט אַ געשריי אויף לאַבֿזיקן און יאָגט אים אַריין אין הויז. פֿאַרנויגט זיך פֿאַר דעם שיינעם מיידל אַזוי איידל. זאָגט: „אַנטשול־דיקט״, און גייט אָפּ.

און מיט דעם האָט זיך די מעשה (מייסע) ניט געענדיקט. זי הויבֿט זיך ערשט אָן:



# ס'פּינטעלע מיטן מזל־פּינטעלע

הכּלל (אַקלאַל), אונדזער לאַבזיק, פון זינט גליקל, איז געוואָרן אויס לאַב־זיק. ווי ער עסט ניט. ווי ער שלאָפט ניט און גייט אום ווי אַ נעכטיקער.

מוליק איז שוין אויך ניט געווען דער פריערדיקער מוליק. אַלץ צוליבֿ דעם מיידל מיט די רויטע האָר. אָבער וועגן מוליקן איז אַ באַזונדערע מעשה (מייסע).

וואָס לאַבזיקן איז אַזוי שלעכט, וואָס גליקל פאַרדרייט דעם קאָפּ, ווען זי דערזעט אים. ניט נאָר דאָס. זי אַנטלויפט גאָר אינגאַנצן פון אים.

אַז גליקל אַנטלויפט, קאָן איר דאָך לאַבזיק נאָכלויפן? שעמט ער זיך אָבער פאַר די מענטשן אין בלאָק. מען זאָל ניט זאָגן: קוקט, קוקט, ווי ער לויפט איר נאָך און זי וויל אים אַפילו ניט קאָנען.

אָבער אין איין שיינעם טאָג טוט ער אַ טראַכט: מילא (מיילע), וואָס וועט זיין, וועט זיין, און ער נעמט זיך איר נאָכלויפן. דערזעט גליקל, ווי לאַבזיק לויפט איר נאָך, צעיאָגט זי זיך שטאַרקער, נעמט לאַבזיק און צעיאָגט זיך אויך שטאַרקער. אָבער ער האָט זי שוין ניט געקאָנט פאַקן. די מעשה (מייסע) איז, וואָס זי איז געווען די אמתע (עמעסע) לויפערין, די דאָזיקע גליקל.

אָבער איינמאָל אַ שבת (שאַבעס) בייטאָג, האָט ער זי סוף כּל סוף (סאָפקאָל־סאָף) געכאַפּט. אפשר (עפשער) האָט זי זיך אומיסטנע געלאָזט כאַפּן? ווער ווייסט.

דאַרף איך אייך שוין ניט דערציילן, ווי גליקלעך אונדזער לאַבזיק איז געווען. אַזוי גליקלעך, אַז ער איז אַזש געוואָרן נאַריש. זיך געקאַטשעט אויף דער ערד. געוואָלט אַ בייס טאָן זיין אייגן ווידעלע. אַריינגעכאַפּט אין זיינע ציינדלעך איר לינק אויערל און האָט דאָס ניט געוואָלט אָפּלאָזן. מיט איין וואָרט — אַ משוגענער (מעשוגענער) לאַבזיק.

הכּלל (אַקלאַל), פון דעמאָלט אָן זיינען זיי געוואָרן די גרעסטע פריינט. זיך געשפּילט צוזאַמען. געגאַנגען שפּאַצירן צוזאַמען. זיך געיאָגט נאָך דער געלער קאַץ צוזאַמען. געוואָרן, ווי מען זאָגט, האַרץ צו האַרץ.





און אָט אַזוי איז אַוועק אַ צייט און לאַבֿזיק האָט חתונה (כאַסענע) געהאַט מיט גליקלען.

און ס׳איז אַוועק ווידער אַ צייט, און גליקל האָט אים געבֿוירן אַ גאַנצן האַלבֿן טוץ קינדערלעך. זייער שיינע קינדערלעך, געלע, ווייסע, שוואַרצע און געפּלעקטע קינדערלעך . . .

אָבֿער דאָס שענסטע איז געווען, גאָר דאָס קלענסטע הינטעלע, דאָס מעזורנעקל. אומעטום שוואַרץ, אָבֿער בלויז דאָס ווײַדעלע איז געווען גאָלע ווייס. אַ געקרייזלט ווײַדעלע פּונקט ווי ביי זיין מאַמען, גליקל. אויך סאַמע אינמיטן שטערן האָט דאָס געהאַט אַ ווייס פֿינטעלע, ווי אַ דאַים די גרויס. די מאַמע מאַלי האָט געזאָגט, אַז ס׳איז אַ מזל (מאַזל)־פֿינטעלע.

ער האָט טאַקע געהאַט מזל (מאַזל), ווייל אַלע האָבן אים ליבֿ געהאַט. ווער ס׳האָט אים נאָר געזען, האָט אים שוין געמוזט ליבֿ האָבן. ס׳איז אפשר (עפשער) צוליבֿן ווייסן פֿינטעלע אויפֿן שוואַרצן שטערן? און אפשר גאָר צוליבֿ די ברוינע קלוגע אייגעלעך וואָס זיינען געלאָפֿן גיך, גיך אַהין און אַהער. און אפשר (עפשער) צוליבֿ זיין שיינעם נאָמען.

וואָוויק, האָט מען אים אַ נאָמען געגעבֿן. ווער ס׳איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט אים אָנגעהויבֿן צו רופֿן וואָוויק, ווייסט מען ניט. בערל דער אָפּערעיטאָר האָט געזאָגט, אַז ער איז געווען דער ערשטער. האָט אָבֿער זיין ווייבֿ מאַלי געזאָגט, אַז זי איז גאָר געווען די ערשטע. האַימי דער געלער, מוליקס חבר (כאַווער), האָט זיך געשוואוירן ביי באָרד און פּיאות (פּייעס), אַז ער איז גראַדע געווען דער ערשטער. (האַימי דער געלער, פֿאַרשטייט זיך, האָט ניט געהאַט קיין באָרד און פּיאות (פּייעס), אָבֿער ס׳רעדט זיך נאָר אַזוי.)

הכלל (אַקלאַל), דעם גאַנצן בלאָק איז געפֿעלן געוואָרן אַזאַ נאָמען, ווי וואָוויק. אומעטום, וואו מען שטייט און וואו מען גייט, ווי מען הערט בלויז: וואָוויק, קום אַהער, וואָוויק, טו אַ שפּרינג, וואָוויק גיבֿ אַ לויף, וואָוויק . . .

ווען מוליק האָט חתונה (כאַסענע) געהאַט פֿאַר דעם רויטן מיידל, האָט מען דעם יונגן פֿאָר אַוועקגעגעבֿן וואָוויקן פֿאַר אַ מתנה (מאַטאָנע).

און דאָ הויבֿן זיך ערשט אָן די מעשיות (מייסעס) מיט לאַבֿזיקס מעזוניקל. טרויעריקע, פֿריילעכע און לאַכנדיקע.



# וואָוויק און דאָס ווייגעלע

דאָס שיינע רויטע מיידל מיט די ברוינע אויגן, האָט געהייסן בירא. פאַר דער חתונה (כאַסענע) און נאָך דער חתונה האָט זי געהייסן בירא.

מוליק אָבער, נאָך דער חתונה, האָט זיך פאַרלאָזט אַ פּאָר וואָנצעלעך, און מערער ניט געוואָלט מען זאָל אים רופן: מוליק, נאָר שמואליק.

נו, וועלן מיר אים צוליב טאָן, און אים מערער ניט רופן מוליק, נאָר שמואליק.

יאָ, איז סאַי בירא און סאַי שמואליק האָבן געהאַלטן, אַז אַזאַ חכם (כאָכעם) ווי זייער וואָוויק איז גאָר ניטאָ אין גאַנץ ברוקלין.

איך האָב אייך גאָר פאַרגעסן צו דערציילן, אַז נאָך דער חתונה (כאַסענע) האָבן זיי שוין מערער ניט געוואוינט אין דער בראָנקס אויף דזשעקסאָן עוועניו. זיך איבערגעקליבן אין ברוקלין, אויף סאַראַטאָגאַ עוועניו.

וואָוויק מיטן ווייסן פינטעלע אויפן שוואַרצן שטערן איז טאַקע געווען אַ חכם (כאָכעם) אַ הינטעלע. ניט אַזוי אַ חכם, ווי פול מיט חן (כיין). איר וואָלט אים באַדאַרפט זען טאַנצן. מיט די פאָדערשטע פיסלעך אין דער הויך, טאַנצט ער, און מענטשן פליעסקען אים צו מיט די הענט. אָן דעם, וואָס מען פליעסקעט אים ניט צו מיט די הענט, וויל ער ניט טאַנצן.

ער האָט אויך געקאָנט זיך מאַכן, אַז ער איז געשטאָרבן. זיך געגעבן אַ לייג אויף דער ערד, אויסגעצויגן די פיסלעך, פאַרמאַכט די אייגלעך און — שוין ניטאָ וואָוויק. דערביי אָבער האָבן מענטשן אים געדאַרפט באַוויינען און באַקלאָגן און זאָגן: אַזאַ גוטער וואָוויק, אַזאַ טייערער וואָוויק. האָט מען אויפגעהערט אים באַקלאָגן און וויינען, האָט ער זיך גלייך אויפגעכאַפּט און געוואָרן צוריק לעבעדיק.

אויך האָט דאָס הינטעלע געקאָנט ציילן ביז פינף. שמואליק האָט געזאָגט: איינס, טוט וואָוויק אַ האַווקע. שמואל זאָגט: צוויי, טוט וואָוויק צוויי האַווקע, און אַזוי ביז פינף.

הכלל (אַקלאַל), דאָס איז שוין געווען איינמאָל אַ פֿאַרשוין. פֿאַרשטייט זיך, אַז די אַלע קונצן האָבן אים בּיראָ און שמואליק אויסגעלערנט.

וואָוויקס טאַטע, לאַבּזיק, איז גאָר געווען באַגייסטערט פֿון זיין תכשיטל (טאַכשיטל). לאַבּזיק פֿלעגט אַלע שבת (שאַבּעס) קומען צוגאַסט קיין בּרוקלין, געוואוירע ווערן, וואָס זיין מעזוניקל מאַכט. פֿאַרשטייט זיך אַז ס׳זיינען אויך געקומען בּערל, מאַלי, רבקה און האַימי דער געלער.

גליקל, וואָוויקס מאַמע, איז קיינמאָל ניט געקומען צוגאַסט. זי איז שטענדיק געווען פֿאַרנומען מיט האָבּן אַלע מאָל נייע קינדערלעך.

פֿאַר אַלע געסט האָט מען באַוויזן וואָוויקן מיט זיינע שטיקעלעך און קונצעלעך, און אַלע האָבּן געלאַכט.



— נו, וואָס זאָגסטו, אַלטער, צו דיין זונדעלע? — האָט בערל איינמאָל אַ שבת (שאַבעס) אַ פרעג געטאָן לאַביזיקן.

האָט לאַביזיק אויף דערויף אַ האַווקע געטאָן אַ צוויי, דריי מאָל, געדרייט פריילעך מיטן וויידל, און געלעקט בערלס האַנט. האָט מען שוין פאַרשטאַנען, אַז דאָס מיינט ער צו זאָגן מיט דעם, אַז ער איז זייער שטאָלץ און גליקלעך.

די מאַמע מאַלי איז אָבער ניט געווען אַזוי שטאַרק צופרידן. מען צאַצקעט זיך צופיל מיט וואָוויקן, האָט זי געהאַלטן. ווען זי האָט זיך דערוואוסט, אַז מען לייגט נאָך וואָוויקן שלאָפן אין אַ וויגעלע גאָר, איז זי שוין געווען אויפן אמתן (עמעסן) אין כעס (קאַעס).

דאָס וויגעלע האָט שמואל געקויפט ניט צוליב וואָוויקן. אָ, ניין. דאָס וויגעלע האָט ער געקויפט צוליב דעם וואָס ער האָט זיך גערעכט אויף עמיצן. אויף זייער אַ טייערן עמיצן האָט ער זיך גערעכט. אָבער, אַז דאָס וויגעלע איז דערווייל געשטאַנען ליידיק, איז זיך שוין וואָוויק דאָרט געשלאָפן.

— געדענקט מיינע ווערטער — האָט די מאַמע מאַלי זיך געבייזערט — איר וועט נאָך האָבן צרות (צאָרעס) פון אים. גיט אים ניט אַזוי פיל נאָך. לייגט אים ניט שלאָפן אין קיין וויגעלע, מאַכט ניט אַזאַ גרויסן צימעס פון אים.

— אַ כפרה (קאַפּאָרע) — האָט שמואליק געענטפערט דערויף — וואָס קאָן דאָס שאַטן. מען שפילט זיך מיט אַ הינטעלע איז וואָס?



# וואָוויק און דאָס מיידעלע פריידעלע

נו, גוט. ס׳איז זיך דערוויל אַוועקגעגאַנגען אַ שטיק צייט. זעט וואָוויק איינ־מאָל אין אַ מיטן טאָג, ווי ס׳פֿאָרט צו אַ טעקסי צום הויז. זעט אויך, ווי שמואליק נעמט אָן בּיראָן בּיי דער האַנט און פֿירט זי אַזוי פּאַמעלעך אַראָפּ, אַראָפּ די טרעפּ. דערנאָכדעם, זעט ער, ווי ער זעצט זי אַריין אין דער טעקסי, און פֿאָרט מיט איר אַוועק, גיך, גיך.

דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן, וואָס מען האָט אים אי־בּערגעלאָזט איינעם אַליין אין הויז. איז וואָוויק געזעסן לעבן פֿענצטער, אַרויס־געקוקט אינדרויסן און רק (ראַק) געטראַכט טרויעריקע געדאַנקען.

ס׳גייט אַוועק איין שעה (שאָ), ס׳גייט אַוועק צוויי שעה, און דערנאָכדעם גייען אַוועק נאָך שעהן (שאָען) און שעהן, ס׳קומט בּיינאַכט און גאָרניט. ניט שמואליק קומט אַהיים, ניט בּיראָ.

דערווייל ווערט שוין שפּעט און ער וויל שוין שלאָפֿן. קריכט וואָוויק אַריין אין וויגעלע, טראַכט און טראַכט און ווערט אַנטשלאָפֿן.

ערשט אינדערפֿרי, ווי שמואליק קומט אַהיים, איז געוואַלדיק פֿריילעך און זאָגט:

— מזל־טוב (מאַזל־טאָוו), וואָוויק, ס׳איז אַ מיידעלע.

פֿאַרשטייט ניט ס׳הינטעלע וואָס ס׳מיינט: „מזל־טוב". וואָס ס׳מיינט: „ס׳איז אַ מיידעלע". פֿאַרשטייט אויך ניט, וואָס מוליק איז אַזוי פֿריילעך.

וואָס ער וויל וויסן, וואו איז בּיראָ? פֿאַרוואָס איז זי ניטאָ צוריק? ניטאָ בּיראָ. אין ערגעץ ניטאָ. ניט אונטערן בּעט, ניט אונטער דער שאַפֿע, ניט בּיי דער שכנה (שכיינע) זלאַטען.

און דאָ גייט אַוועק איין טאָג. און דאָ גייען אַוועק צוויי טעג. און נאָך, און נאָך טעג. זי איז ניטאָ. האָט וואָוויק אַזוי שטאַרק געבּענקט. ס׳האַרץ איז אים אויסגעגאַנגען נאָך בּיראָן . . . געמיינט, אַז ער וועט זי שוין קיינמאָל אין זיין לעבן ניט זען. קיינמאָל.

ערשט מיטאַמאָל אין אַ בייטאָג, ווי ס׳פּאַרט צו ווידער אַ טעקסי צום הויז. דער ערשטער שפּרינגט אַרויס שמואליק. דערנאָכדעם נעמט שמואליק צו פון בּיראָס הענט עפּעס אַ זאַך, איינגעוויקלט אין אַ ראָזעווער קאָלדרע. דערנאָכדעם גייט אַרויס פון דער טעקסי אויך בּיראָ און יענע איז אַזוי גליקלעך.

איז פאַרשטייט זיך וואָוויק אויך געוואַלדיק גליקלעך. שפּרינגט אויף בּיראָן, ווען זי קומט אַריין אין הויז, לעקט זי, קושט זי, און ווייסט גאָרניט וואָס צו טאָן פון פרייד.

— נאַ, קוק, וואָוויק — מאַכט בּיראָ — קוק, דאָס איז פריידעלע. מיין מיידעלע פריידעלע.

קוקט וואָוויק אויפן קליינעם מענטשעלע איינגעוויקלט אין דער ראָזעווער קאָלדרע. קוקט, און קוקט, און האָט דאָס עפּעס ניט ליב . . .



# וואָוויקן רופט מען טפש

ס׳קומט ביינאַכט. מען דאַרף שוין זיך לייגן שלאָפן. וויל וואָוויק אַריינשפרינגען אין זיין וויגעלע, ווי שטענדיק. ער טוט אָבער אַ קוק, פריידעלע ליגט שוין דאָרטן.

— האַוו, האַוו, — הייבט ער אויף גרויסע געוואַלדן. ער מיינט מיט דעם צו זאָגן: ס׳איז מיין געלעגער, אַרויס פון וויגעלע. גיכער, זאָג איך.

— זיי ניט קיין טפש (טיפּעש), וואָוויק — מאַכט שמואליק — דאָס וויגעלע איז פאַר פריידעלען. שטענדיק געווען פאַר פריידעלען.

פאַרדריסט דאָס דעם הינטעלע, וואָס מען רופט אים טפש. ער ווייסט שוין פון לאַנג, אַז ווען מען זאָגט אויף אים „טפש״ איז דאָס ניט אַזאַ געוואַלדיקער קאָמפּלימענט. וויינט ער. יאָ, ער וויינט, פונקט ווי אַ פּיצל קינד.

— אָט דאָס וועט זיין דיין אָרט — מאַכט צו אים בּיראָ מיט גוטן — אין דעם דאָזיקן קעסטל וועסטו שלאָפן. דאָס וועט זיין דיין נייער געלעגער.

קוקט וואָוויק אויפן קעסטל, אויפן נייעם געלעגער און ס׳געפעלט אים ניט. ניין, ס׳געפעלט אים זייער און זייער ניט.

— קריך אַריין וואָוויק — מאַכט שוין צו אים שמואליק אויך מיט גוטן — קריך אַריין און שלאָף. ס׳איז אַ ווייכער געלעגער. אַזוי גוט אויסגעבעט מיט דער אַלטער קאָלדרע, און מיט בּיראָס צעריסענעם מאַנטל.

קריכט ער אַריין וואָוויק, אַ בּרירה (בּריירע) האָט ער. אָבער ס׳איז אים ניט גוט. אַזוי ניט גוט.

דערווייל פאַרלעשט מען די ליכט. שמואליק לייגט זיך שלאָפן. בּיראָ לייגט זיך שלאָפן. וואָוויק אָבער קאָן קיין אויג ניט צומאַכן. נאָר ער טראַכט. נאָר ער קלערט.

וואָס האָט מען דאָ געטאָן צו אים? פרעגט ער זיך אַליין אַ פראַגע. וואו איז יושר (יוישער) אויף דער וועלט? וואו איז גערעכטיקייט? און ווער איז אָט דאָס פּיצעלע מענטשעלע, וואָס נאָר ס׳וויינט, נאָר ס׳קוויטשעט. און אָט דער מיאוסער

(מיעסער) וויינערקע, און אָט דער שלעכטער קוויטשערקע, האָט מען דאָס אַוועקגעגעבן זיין געלעגער. זיין גוטן טייערן געלעגער.

— האַוו, האַוו — שפּרינגט ער אַרויס פון קעסטל און לאָזט זיך צום וויגעלע זייער אַ בייזער — האַוו, האַוו, האַוו.

שרייט מען פאַרשטייט זיך ווידער אָן אויף אים. מען רופט אים ווידער אַמאָל, וואָוויק טפּש (טיפּעש), און שוטה (שויטע), אויך דערצו.

ווײנט ער וואָס מען רופט אים טפּש און שוטה אויך דערצו. וויינט אַזוי ביטער, וויינט אַזוי רחמנותדיק (ראַכמאָנעסדיק).

— שאַ דאָרטן — טוט שמואליק אַ געשריי אין דער פינצטער זייער בייז.

האָט וואָוויק נאָך קיינמאָל שמואליקן ניט געהערט שרייען אַזוי בייז. און נאָך אין דער פינצטער. דערשרעקט ער זיך און ווערט אַנטשוויגן. הערט אויף צו וויינען.

אָט אַזוי אַ גאַנצע נאַכט האָט שוין וואָוויק ניט געקאָנט שלאָפן. געזיפצט און געקרעכצט, און געוויינט אין דער שטיל: אוי, זיין בעטעלע. גיט אים אָפּ צוריק זיין בעטעלע. ער קאָן ניט שלאָפן ערגעץ אַנדערש, נאָר אין זיין בעטעלע, אוי, אוי.



# וואָוויקן איז זייער ניט גוט

און פון זינט מען האָט פרײדעלען געבראַכט אין דער טעקסי, איז וואָוויק געוואָרן אויס וואָוויק.

ס׳האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז מען האָט אים שוין מערער ניט ליב. ס׳האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז ער איז אַן איבעריקער אויף דער וועלט.

ער האָט שוין אַ סך מאָל געטראַכט אַוועק צוריק אין די בראָנקס צו זיין טאַטן לאַביזיק און צו זיין מאַמען גליקל.

ס׳האָט אים שוין ניט געאַרט, וואָס מען האָט ביי אים צוגענומען דאָס בעטעלע. מילא (מיילע), וועט ער שלאָפן אין קעסטל. צו צרות (צאָרעס) געוואוינט מען זיך שוין צו.

וואָס ס׳פאַרדריסט אים אַזוי שטאַרק, וואָס מען קוקט זיך שוין ניט מערער אום אויף אים.

אַ נו, זאָל מען כאָטש אַ שמייכל טאָן צו אים? אַ נו, זאָל מען זיך כאָטש אַביסל אַ שפּיל טאָן מיט אים? אַלצדינג — פריידעלע. אומעטום — פריידעלע.

אָט זיינען געקומען צו גאַסט מענטשן אין הויז. בערל דער אָפּערעיטאָר איז געקומען צו גאַסט. אויך די מאַמע מאַלי, רבקה, האַימי דער געלער. שלמה (שלוימע), ביראָס טאַטע, גיטל, ביראָס מאַמע, און אויך לאַביזיק, וואָוויקס טאַטע. אַלע זיינען געקומען צו גאַסט.

קוקט מען שוין רק (ראַק) אויף דער קוויטשערקע. שמייכלט מען רק צו דער שרייערקע. שפּילט מען זיך רק מיט דער וויינערקע.

מען זאָל כאָטש איין קוק טאָן אויף אים, וואָוויקן. מען זאָל כאָטש אים זאָגן: העלאָו.

טראַכט ביי זיך וואָוויק, אַז ווען ער וועט אָנהייבן צו טאַנצן, וועט מען זיך שוין אומקוקן אויף אים. הייבט ער אָן צו טאַנצן. מיט די פיסלעך אין דער הויך, טאַנצט ער און האָפּקעט. אָבער, אַ נו, זאָל עמיצער אויסדרייען דעם קאָפּ צו אים. באַגלייך ווי גאָרניט.

וואָס ס׳האָט אים נאָך מערער פאַרדראָסן, וואָס זיין טאַטע, זיין אייגענער טאַטע, אויך אַזוי. שפּרינגט אַרום אָט דעם פריידעלען. דרייט מיט זיין ווידעלע צו איר. מאַכט חנדלעך (כיינדלעך) צו איר.

שפּעטער אין טאָג. די געסט זיינען זיך צעגאַנגען. שמואליק און בּיראָ זיצן אין קיך און טרינקען טיי. פריידעלע ליגט זיך אין איר וויגעלע און שפּילט זיך מיט אירע פיסעלעך. גראָבּטשיקע פיסעלעך אַזוינע האָט פריידעלע געהאַט.

— ג״ר, ג״ר, ג״ר — בּורטשעט דאָס הינטעלע אויף איר, און באַווייזט זיינע שאַרפע ציינדלעך — ג״ר, ג״ר, ג״ר, — ווערט ער בּייזער און בּייזער. דערנאָכדעם אין גאַנצן ווילד, און מיט אַמאָל — אַ כאַפּ אַריין פריידעלעס גראָבּטשיקע פיסעלע אין זיינע ציינדלעך.

אַז שמואליק און בּיראָ זיינען אַריינגעלאָפן פון קיך אין שלאָף־צימער, האָבן זיי גאָרניט געוווּסט וואָס צו טאָן. שטאַרק געווען דערשראָקן. דאָס קינד האָט זייער בּיטער געוויינט.

וואָוויק איז פאַרקראָכן אונטערן בּעט און געוואַרט אויף פּעטש. אָבער קיין פּעטש האָט מען אים ניט געגעבן. מאַן און ווייב האָבן געטראַכט, אַז אפשר (עפשער) אינגאַנצן פּטור (פּאָטער) ווערן פון הינטעלע. אַז ס׳איז גאָר אַ סכנה (סאַקאָנע), אַזאַ איינעם צו האַלטן אין הויז.

איז געבּליבן מען זאָל זיך אָנפרעגן בּיי בּערלען און מאַלין, וואָס מען זאָל טאָן מיט אַזאַ הינטעלע, וואָס בּייסט זיך.



# וואָס זאָל מען טאָן מיט וואָוויקן?

אויף מאָרגן אויפדערנאַכט, ס׳איז געווען דאָנערשטיק, איז זיך צונויפגעקומען די גאַנצע משפּחה (מישפּאָכע): בּערל, מאַלי, רבקה, האַימי דער געלער, שלמה (שלוימע), גיטל און אויך לאַבּזיק. מען האָט זיך אַרומגעזעצט אַרום גרויסן טיש, און מען האָט אָנגעהויבּן צו קלערן עצות (אייצעס).

— אים גוט אָנפּאַטשן — מאַכט האַימי דער געלער.

— איך בּין קעגן פּעטש — בּייזערט זיך בּערל — מיט פּעטש קאָן מען קיינמאָל גאָרניט מאַכן. אָט האָט דיך דיין טאַטע שטענדיק געפּאַטשט, נו, קוק, וואָס איז פון דיר געוואָרן?

— וואָס איז דען פון מיר געוואָרן? — דערשרעקט זיך שוין האַימי.

— איר רעדט שוין ניט צו דער זאַך — רופט זיך אָן שלמה, בּיראָס טאַטע, אויף זיין בּאָס — פּאַטשן וועט ניט העלפן. זידלען וועט ניט העלפן. אפשר (עפּשער) גאָר אים אַרויסטרייבּן פון הויז. אויף דער גאַס.

— גאָר אַרויסטרייבּן וואָוויקן פון הויז אויף דער גאַס?! — דערשרעקט זיך רבקה.

— וואָס דאַרף מען אים אַרויסטרייבּן אויף דער גאַס — רופט זיך אָן גיטל, בּיראָס מאַמע — מען דאַרף אים ניט אַרויסטרייבּן אויף דער גאַס. לאָמיר אים בּעסער אַוועקשיקן קיין בּאַלטימאָר.

— וואָס גאָר קיין בּאַלטימאָר? — פרעגט שמואליק.

— ווייל בּאַלטימאָר — רופט זיך אָן גיטל — איז אַ שיינע שטאָט. איך בּין אַמאָל דאָרטן געווען אין בּאַלטימאָר.

— אַ סימן לאָקשן — בּייזערט זיך איר מאַן שלמה — זי איז אַמאָל געווען אין בּאַלטימאָר איז דעריבּער . . .

— ניין, ניט בּיי מיין לעבּן, וועט מען אים אַוועקשיקן קיין בּאַלטימאָר — רופט זיך אָן בּערל דער אָפּערעיטאָר.

— ס׳איז נ־ט קיין עצה (אייצע) — רופט זיך אָן די מאַמע מאַלי — ס׳איז אַ

שלעכטע עצה.

— אפשר האָט איר, מחותנתע (מעכוטײנעסטע) לעבן, אַ בעסערע עצה — פּאַרדריסט שוין גיטלען, וואָס מען זאָגט אויף אירע עצות (אײצעס), אַז זײ זײ־נען ניט קײן גוטע עצות.

— מײן עצה — מאַכט מאַלי מיט גוטן — אַז ניט פּאַטשן וועט אים העלפן, ניט זידלען, ניט אַוועקשיקן קײן באַלטימאָר. נאָר וואָס זשע דען? שטענדיק, ווען מען גיט פרײדלען אַ שמײכל, זאָל מען תיכף (טײקעף) וואָוויקן אויך געבן אַ שמײכל. שטענדיק, ווען מען גיט פרײדעלען אַ גלעט, זאָל מען וואָוויקן אויך געבן אַ גלעט.

— איז דאָס אַ מעשה (מײסע) אָן אַן עק — רופט זיך אָן שלמה (שלוימע) אויפן באָס.

— וואָס קען מען זיך העלפן — פאַרענטפערט זיך מאַלי — אַז מען האַלט אַ הינטעלע אין הויז דאַרף מען לײדן.

— ס׳איז אפשר (עפשער) אַ גוטע עצה (אײצע) — רופט זיך אָן בּיראָ.

— אָבער די עצה איז נאָך ניט קײן גאַנצע עצה — רופט זיך אָן גלײך די מאַמע מאַלי — ס׳איז ערשט אַן האַלבע עצה.

— אַ כפּרה (קאַפּאָרע), וואו איז די צווײטע האַלבע עצה? — מאַכט איר מאַן בערל און איז אין כעס (קאַעס).

— כאַפּט זשע ניט, ס׳איז ניט קײן הײסע לאָקשן — ווערט אויך די מאַמע מאַלי אין כעס — מײן צווײטע האַלבע עצה, מען זאָל אויסלערנען דעם הינטע־לע אַכטונג געבן אויפן קינד.

— למשל (לעמאָשל)? — האָט ניט בערל קײן געדולד.

— למשל — ענטפערט מאַלי — בּיראָ באָדט פרײדעלען אין דער וואַנע, זאָל זי זאָגן: וואָוויק פאַרמאַך די טיר. בּיראָ נעמט אַרויס פרײדעלען אויף אַ שפּאַציר אין איר װיגעלע, זאָל זי זאָגן: וואָוויק, העלף שטופּן דאָס וויגעלע. בּיראָ קויפט עפּעס אין קראָם פאַר פרײדעלען, זאָל זי זאָגן: וואָוויק, העלף מיר טראָגן אָט דאָס פּעקעלע. און אַזוי ווײטער, און אַזוי ווײטער . . .

— און דאָס דענקסטו וועט העלפן — רופט זיך אָן דער טאַטע בערל און גלויבט זיך עפּעס ניט.

— ווען מיר זען — ענטפערט די מאַמע מאַלי — לאָמיר פּרוּװן. קאַליע מאַכן וועט דאָס אַוודאי (אַוואַדע) ניט.

— ווען מיר זען — רופט זיך אויך אָן שמואליק.

און אַלע טוען אַ קוק אויף וואָוויקן מיט גרויס האָפענונג . . .

# וואָוויק און די פליגן

האָט מען טאַקע אָנגעהויבן אַזוי צו טאָן. בּיראָ און שמואליק שפּילן זיך מיט פריידעלען און מען מאַכט צו איר:

— אַ, אַ, פריידעלע, אַ שטיק גאָלד פאַר דיין קעפּעלע, און גלייך דרייען זיי זיך אויס צום הינטעלע און מען מאַכט:

— אַ, אַ, וואָוויקל, אַ שטיק גאָלד פאַר דיין ווייס פּינטעלע.

— האַוו, האַוו — מאַכט ס׳הינטעלע מיט מורא (מוירע). עפּעס געפעלט אים ניט, וואָס מען איז צו אים מיט אַמאָל אַזוי גוט געוואָרן.

אָבער אַז מען האָט דאָס געטאָן נאָך אַמאָל, און נאָך אַמאָל, האָט ער שוין געגלויבּט. פאַרשטאַנען, אַז מען מיינט דאָס טאַקע אויפן רעכטן אמת (עמעס) און ס׳איז אים שוין געוואָרן פריילעך אויפן האַרצן.

פריער האָט מען אים גאָרניט צוגעלאָזט זען, ווי מען באָדט פריידעלען. מען פלעגט אים אַרויסטרייבּן פון וואַש־צימער. איצטער, אָבער, האָט מען אים שוין יאָ צוגעלאָזט.

— פאַרמאַך די טיר, וואָוויקל — זאָגט צו אים אַזוי שיין בּיראָ — ווייל פריידעלע קאָן זיך נאָך צוקילן. זי איז אינגאַנצן אַ נאַקעטע.

פאַרשטייט דאָס מעזונעקל, וואָס מען וויל פון אים. טוט אַ ריר אָן מיטן קעפּל די טיר און פאַרמאַכט.

— העלף מיר שטופּן — מאַכט בּיראָ, ווען זי פירט אַרויס אינדרויסן פריידעלען אויף אַ שפּאַציר אין איר וועגעלע.

כאַפּט יענער גלייך דאָס אויף, און שטופּט. מיט אַלע כוחות (קויכעס) שטופּט ער.

מען האָט שוין אויסגעלערנט דאָס הינטעלע צו טאָן אַנדערע זאַכן אין שטוב: ווי אויך צו דערלאַנגען שמואליקן זיינע שטעק־שיך, ווען ער שטייט אויף פון שלאָף, גיין אַ גאַנג אין קראָם, און נאָך, און נאָך.

איז שוין געווען גליק און פרידן אין הויז. וואָוויק האָט שוין ניט געהאַט קיין

האַרץ־ווייטיק. פאַרקערט, געמיינט אַז אָן אים, וואָלט שוין בירא גאָרניט געקאָנט טאָן קיין שום זאַך אין הויז.

איז אָבער אָנגעקומען אַ נייע צרה (צאָרע) — פליגן. עפּעס אַזוינע גרויסע פליגן, ווי די קאַבּאַנעס.

— פונוואַנעט יאָוועו זיך די פאַרשאָלטענע פליגן — קלאָגט זיך בירא פאַר שמואליקן — איך האָב דאָך איבער אַלע פענצטער אויפגעהאַנגען דראָט־נעצן.

— טאַקע פונוואַנעט נעמען זיך די פליגן אין הויז? — וואונדערט זיך אויך שמואליק.

און די פליגן האָבן גאָר זייער ליב באַקומען דאָס פּיצעלע מיידעלע פריידע־לע — באַזונדערס ווען זי שלאָפט. און דאָס בעסטע אָרט פאַר זיי איז געווען זיך שטעלן אין די לעכעלעך פון איר נעזעלע, און דאָס קיצלען.

קאָן שוין פאַרשטייט זיך דאָס קינד רואיק ניט שלאָפן, כאַפּט זיך אויף און וויינט.

פאַרשטייט וואָוויק גלייך וואָס זי וויינט. פאַרשטייט אויך גלייך וואָס ער דאַרף דאָ טאָן. שטעלט ער זיך לעבן וויגעלע, און קוקט. קוקט און וואַרט, און ס׳קלאַפּט אים דאָס האַרץ.

זעט ער, ווי פריידעלע פאַרמאַכט די אייגלעך. הערט ער ווי פריידעלע הייבט אָן צו שנאָרכען מיטן נעזל. און ס׳איז שטיל אַזוי און — שאַ. ווי פּלוצלונג — אַ, אַ. זיי קומען שוין די חברה־לייט (כעווורע־לייט). גאַנצע צוועלף שטיק קו־מען זיי מיט אַ גרויסן זשו, זשו, זשו. זיי דרייען זיך אין דער הויך, און פאַרמעסטן זיך גלייך אויף פריידעלעס נעזעלע. אָבער מיט אַמאָל — צאַפּ, און די פליגן צע־פליען זיך אין אַלע עקן מיט גרויס שרעק.

אָבער וואָוויקל ווייסט, אַז מיט דעם איז ער נאָך ניט פּטור (פּאָטער). די דאָ־זיקע זלידניעס וועלן אוודאי (אַוואַדע) קומען נאָך אַמאָל. קלאַפּט ביי אים דאָס האַרץ זייער שטאַרק. האַלט אָפן ביידע אויגן אין אַלע זייטן, און קוקט, און וואַרט.

אַוודאי (אַוואַדע), איז ער געווען גערעכט. זיי זיינען געקומען נאָכאַמאָל, און געטאָן זיך אַ לאָז אַראָפּ גלייך אויף פריידעלעס נעזעלע.

אָבער ניט ביי וואָוויקן וועלן זיי אויספירן. אַ מאַך מיט זיין לאַפּע און זיי האָבן זיך גלייך אָפּגעטראָגן.

קומען זיי שוין ניט צוריק, די פליגן. און דאָס הינטעלע איז זייער שטאָלץ מיט זיך. פאַרמאַכט די אייגלעך, און וויל שוין אויך כאַפּן אַ שלאָף. דערמאָנט זיך אָבער, אַז אַ פליג טאָר מען ניט גלויבן. דרעמלט ער בלויז מיט איין אייגל. דאָס צווייטע האַלט ער האַלב אָפן.

געדויערט אַזוי אַ צייט, און דאָס צווייטע אייגל וויל זיך שוין אויך פאַר־מאַכן, ווי פּלוצלונג — אַ, אַ, מען קומט.

דאָס מאָל בלויז איין פליג. אַ גראָבע מיט רויטלעכע פליגל, מיט געלע אויגן. לאָזט זיך אַראָפּ פון דער סטעליע גלייך אויף פריידעלען. טוט ער, פאַר־

שטייט זיך, אַ פּאָכע מיט דער לאַפּקע. פליט זיך אַוועק, אָבער קומט באַלד צוריק און וויל זיך שטעלן אויפֿן קינדס שטערן. טוט יענער ווידער אַ פּאָכע, אַנטלויפֿט זי פֿון שטערן און שטעלט זיך אויף איר הענטל. טרייבט ער זי אַוועק פֿון הענטל, שטעלט זי זיך צוריק אויף איר שטערן, און דערנאָכדעם אויף איר מויל, און דערנאָכדעם אויף איר אייגעלע . . .

פֿאַרכאַפּט אַזש דעם הינטעלע ביים האַרצן, אַזוי אין כּעס (קאַעס) איז ער. שפּרינגט אין דער לופֿטן. יאָגט זיך נאָך איר איבער דער גאַנצער שטוב. ער מוז זי פּאַקן אָט די פֿאַרשאָלטענע. ער מוז זי צערייסן אויף שטיקער.

— האַוו, האַוו — טוט ער אַ שפּרונג, טוט זיך אַ צעיאָג און פּלוצלונג — קנאַק, טראַך, בריאַזג. און — אַ גרויסער געוויין.

נו, דאַרף איך אייך שוין ניט דערציילן, ווי מען האָט אים אַריינגעפּליאַסקעט. אי אויפֿגעוועקט פֿריידעלען, אי צעבראָכן די טייערסטע וואַזע אין הויז. ס'איז געווען אַ מתּנה (מאַטאָנע) ביראָן צו איר חתונה (כאַסענע) פֿון איר חבֿרטע (כאַ־ווערטע) שיינדל.

און דאָ איז נאָך יענעם אָוונט זיך צונויפֿגעקומען די גאַנצע פֿאַמיליע: בערל, מאַלי, רבֿקה, האַימי דער געלער, שלמה, גיטל און לאַבזיק.

און וואָוויק האָט געפֿילט ווי זיך נאָר באַגראָבן אין דער ערד. ס'איז אים געווען זייער ניט גוט. ער האָט ניט געקאָנט קוקן קיינעם אין די אויגן. און דאָ האָבן אים אַלע נאָך געזידלט. אים געמאַכט מיט דער בלאָטע צוגלייך.

— אוי, אוי — האָט ער ביטער געזיפֿצט — קיינער נעמט זיך שוין ניט אָן פֿאַר מיר. און אפֿשר (עפּשער) טויג איך ניט. אפֿשר בין איך גאָר אַזאַ שלים־מזל (שלימאַזל), וואָס קאָן שוין קיינמאָל ניט טאָן קיין רעכטע זאַך. אוי, אוי . . .



# וואָוויק ווערט קראַנק

דאָס הינטעלע האָט זיך געפּילט זייער און זייער אַראָפּגעפּאַלן בּיי זיך. ער האָט זיך שטאַרק געערגערט. טעג און טעג נאָך דער מעשה (מייסע) מיט דער צעבּראָכענער וואַזע, אַז ער איז אומגעגאַנגען און זיך געערגערט.

און פון ערגערניש, ווייסט איר דאָך, קומט קיין גוטס ניט אַרויס. איז טאַקע מיט לאַבּזיקס מעזונעקל אויך ניט אַרויסגעקומען קיין גוטס פון זיין ערגערניש. ער איז קראַנק געוואָרן אין בּייכעלע. האָט ער עפּעס געגעסן, ווי נאָכן עסן קרעמפּס. אַזוינע שטאַרקע קרעמפּס, אַז ער פילט אַזש ווי צו חלשן (כאַלעשן).

האָבּן שמואליק און בּיראָ געמיינט, אַז ס׳וועט איבּערגיין. אָבּער וואָס אַ טאָג און ס׳ווערט ניט בּעסער. ווי ער וואַרפט זיך, ווי ער קאָרטשעט זיך און קאָן די ווייטיקן אין בּייכעלע גאָרניט אויסהאַלטן.

האָט בּיראָ אָפּגערופן איר שוויגער מאַלין אויפן טעלעפאָן. זי זאָל עפּעס געבּן אַן עצה (אייצע). האָט די שוויגער געענטפערט, אַז די בּעסטע עצה וועט זיין דער דאָקטאָר.

נו, איז מען אַוועק מיט וואָוויקן אויף פּיטקין עוועניו צום דאָקטאָר נחמנען (נאַכמענען), וואָס וווינט זיך אויף הינטלעך.

האָט דער דאָקטאָר נחמן אים בּאַטראַכט דורך און דורך. צוגעלייגט אַן אויער צו זיין בּייכעלע. דאָס געטאַפּט און געקוועטשט. אים אַריינגעלייגט אין מויל אויך אַ טערמאָמעטער. געהייסן דעם הינטעלע ווייזן די צונג. צום סוף (סאָף) געזאָגט אַז דאָס הינטעלע ליידט פון אַ נערוועזן מאָגן. טאָר מען אים ניט דערפאַר געבּן קיין פלייש צו עסן, נאָר קאַשקעלעך פון פּערל-גרויפּן.

און אייך אויסזאָגן דעם אמת (עמעס), האָט וואָוויק קיין קאַשקעלעך ניט ליבּ. קיינמאָל אין זיין לעבּן ניט ליבּ געהאַט אָט די דאָזיקע זאַך. און וואָס איז דאָס גאָר פאַר אַן עסן, מ׳שטיינס געזאָגט. ס׳איז כמעט (קימאַט) אַ בּזיון (בּיזאָיען) פאַר אַ לייטיש הינטעלע אַפילו אַ שמעק טאָן צו אַ קאַשקעלע.

קאָכט בּיראָ אָפּ אַ קאַשקעלע פון פּערל-גרויפּן, ווי דער דאָקטאָר האָט גע־

הייסן. טוט אַריין אַ סך פּוטער. שטעלט אַנידער דאָס שיסעלע מיט דער קאַשע אין קיך לעבן טיש, און זאָגט:

— נאַ, עס טייערער, וועט דיר זיין צום געזונט.

גייט וואָוויק צו, באַשמעקט דאָס שיסעלע, טוט אַ קרום מיטן נעזל, דרייט זיך אויס און גייט אַוועק.

דאָס הייסט, ער גייט ניט אינגאַנצן אַוועק. ער גייט בלויז אָפּ עטלעכע טריט. לייגט זיך אַנידער אויפן דיל, שטרעקט אויס די פאָדערשטע לאַפּקעס, שפּאַרט אָן צווישן זיי זיין מאָרדע און קוקט פונדערווייטנס אויפן שיסעלע. קוקט אויף דעם מיט זייער ניט קיין פריינטלעכע אויגן.

— ס׳וועט ווערן קאַלט — מאַכט צו אים בירא — און קאַלטערהייט וועט דאָס קיין יידישן טעם (טאַם) ניט האָבן.

אַרט ניט וואָוויקן, וואָס ס׳וועט קיין יידישן טעם ניט האָבן. זאָל דאָס ווערן קאַלט. זאָל דאָס אַפּילו ווערן זויער און ביטער, אַז ער דאַרף גאָר אינגאַנצן ניט קיין קאַשקעלעך.

דערווייל גייט אַוועק אַ שעה (שאָ), צוויי שעה. בירא קומט אַלעמאָל אַריין פון צווייטן צימער און טרעפט נאָך אַלץ ווי פריער. דאָס קאַשקעלע איז אומבאַ־רירט. וואָוויק פונדערווייטנס קוקט אויף דעם שיסעלע מיט קרומע אויגן.

דערווייל — פּלוצלונג הייבט דאָס טיר־גלעקל אָן צו קלינגען. דערשרעקט זיך עפּעס גלייך וואָוויק, לויפט צו צום שיסעלע אין גרויס איילעניש און הייבט גלייך אָן צו עסן דאָס קאַשקעלע.

דאָס האָט געקלונגען אין טיר־גלעקל די שכנה (שכיינע) זלאַטע. זי איז גע־קומען לייען אַ טעפּל. און ווען וואָוויק האָט דערזען זלאַטען, האָט ער נאָך שנע־לער אָנגעהויבן צו עסן. געבורטשעט, געוואָרפן בייזע אויגן אויף זלאַטען און געכליאָפּטשעט גיך, גיך דאָס קאַשקעלע פון פּערל־גרויפּן.

צעלאַכט זיך בירא. צעלאַכט זיך אויך זלאַטע. לאַכן זיי ביידע און וואָוויק בורטשעט בייז און מאַכט דערווייל אַ סוף (סאָף) צו דער גאַנצער שיסל.

אויף מאָרגן קאָכט אים בירא ווידער אָפּ דאָס זעלביקע געקעכץ און וואָוויק ווידער אַמאָל דאָס זעלבע. לייגט זיך אַנידער פונדערווייטנס מיט די אויסגע־שטרעקטע פאָדערשטע לאַפּקעס, קוקט אויף דער שיסל מיט בייזע אויגן און האַווקעט אויף איר.

דערווייל הייבט אָן דער טעלעפאָן אין הויז צו קלינגען. ווי וואָוויק טוט ווי־דער אַ שפּרונג אויף, ווי אַן אָפּגעבריטער, לויפט צו צו דער שיסל און כאַפּט זיך צו איר צו מיט גרויס האַרץ־קלאַפּעניש.

פאַרשטייט שוין בירא פאַרוואָס דאָס הינטעלע כאַפּט זיך צו דער קאַשע בשעת (בעשאַס) מען קלינגט. ס׳האָט פשוט (פּאָשעט) מורא (מוירע), אַז אַ פרעמ־דער זאָל ניט אויסכאַפּן. אַפּילו טאַקע, ער האָט דאָס ניט ליב, אָבער איידער אַ פרעמדער, שוין בעסער ער.

— כאַ, כאַ — לאַכט בּיראָ און האַלט זיך בּיי די זייטן.

זעט וואָוויק, אַז בּיראָ לאַכט, ווערט אים פריילעך. מיינט, אַז דאָס לאַכט זי אַזוי, מחמת (מאַכמעס) ער איז זייער אַ קלוגער. הייבּט ער אָן צו מאַכן חנדעלעך (כיינדעלעך). לויפט און יאָגט איבּערן צימער אַהין און צוריק, אַהין און צוריק, קאַטשעט זיך אויפן דיל, וואַרפט מיט אַלע זיינע פיר לאַפּקעלעך אין דער הויך.

לאַכט זי שטאַרקער. לאַכט אויך פריידעלע אין איר וויגעלע, און וואָוויקן איז גוט ווי דער וועלט.



# אויף וואַוויקן קומט אַ נייע צרה

ס'איז אים שוין געוואָרן פריילעך וואָוויקן. דאָס בייכעלע האָט אים מערער ניט וויי געטאָן. ער האָט שוין געגעסן אַלע גוטע זאַכן. אין הויז האָבן אים אַלע ליב געהאַט, און ער האָט יעדן איינעם ליב געהאַט. איז וואָס זשע דאַרף ער זיך שוין זאָרגן?

אָבער גיי, ווייס, אַז ס'קומט אויף אים אַ נייע צרה (צאָרע). אָבער וועגן דעם שפּעטער.

איז, יאָ, וואָוויק איז היינט אויפגעשטאַנען אינדערפרי אַ פריילעכער. אָפּגעגעסן פרישטיק, זיך אַביסל געשפּילט מיט פריידעלען. דערנאָכדעם געגאַנגען צו גאַסט.

צום אַלעם ערשטן איז ער אַוועק צו פייגע-ברײַנען, דער אלמנה (אַלמאָנע). זי וואוינט אויפן ערשטן שטאָק. פייגע-בריינע איז שוין זייער אַן אַלטיטשקע פרוי. אפשר (עפשער) אַכט און אַכציק יאָר אַלט. זי האָט ליב שטענדיק צו זיצן אין איר ווייכער שטול פאַרן פענצטער און אַרויסקוקן אינדרויסן.

זי פרייט זיך שטענדיק מיטן הינטעלע, ווען ס'קומט צו גאַסט.

— קוק נאָר אָן, ווער ס'איז געקומען — מאַכט זי מיט זייער אַ ליב קול — ניט קיין אַנדערער ווי וואָוויק אַליין — ס'קאָצל קומט, וואָוויק. ס'קאָצל קומט. איז וואָס זשע מאַכט דאָס טייערע מעזונעקל? און ווי איז זיך דיר געשלאָפן? און צי האָסטו געהאַט עפּעס אַ גוטן איבערבייסן?

און וואָוויק צעגייט זיך אַזש פון נחת (נאַכעס), וואָס מען רעדט צו אים מיט אַזאַ ליבשאַפט. ער הייבט אַזש אָן צו זינגען פון פרייד. ס'איז אפשר ניט קיין זינגען, נאָר אַזאַ פריילעך קאַוואוטשען. ט־י־י־י־י זינגט ער מיט אַזאַ דינעם קוויטש אין גרויס פרייד, און שפּרינגט אַרויף אויף איר שויס, און הייבט זיך אָן צו הוידען צוזאַמען מיט דער אַלטיטשקער.

די שטול, אויף וועלכער פייגע-בריינע זיצט, איז אַ הוידנדיקע שטול, און וואָוויק האָט זיך זייער ליב צו הוידען.

— איז יאָ, טאַקע, לאָמיר זען — רעדט זי צו אים די אַלטיטשקע, ווי צו אַ מענטשן — איז וואָס זשע הערט זיך עפּעס בּיי דיר. דערצייל, דערצייל.

דערציילט ס׳הינטעלע, וואָס ס׳הערט זיך בּיי אים. ט־י־י־י־י — מאַכט ער. און וואָ־וואָ־וואָ, מאַכט ער אויך.

— אַזוי, אַזוי — ענטפערט אים פּייגע־בּריינע, אַקוראַט ווי זי וואָלט פאַר־שטאַנען וואָס ער זאָגט — אַזוי, אַזוי, ס׳קאָן ניט זיין.

און וואָוויק איז גאָר, גאָר דערהויבּן, וואָס ער האָט מיט וועמען צו שמועסן, און זיך דערציילן מעשיות (מייסעס).

און שפּעטער, ווען פּייגע־בּריינע שיקט אים אַ גאַנג, לויפט ער מיט גרויס



חשק (כיישעק). קויפן אַ יידישע צייטונג אין קראָם האָט זי אים געשיקט.

ער ווייסט שוין וואָוויק, וואו מען קויפט אַ יידישע צייטונג, און ער לויפט מיטן צעטעלע אין מויל, גלייך צו נוטע דעם קרעמער. און נוטע דער קרעמער נעמט אַרויס דאָס צעטעלע פון זיין מויל, און דאָרטן שרייבט זיך: גיב מיר מיין צייטונג, איך וועל דיר שוין באַצאָלן סוף (סאָף)־וואָך. פייגע־ברײנע.

לייגט אים אַריין נוטע דער קרעמער די צייטונג צווישן זיינע ציין, און ער, וואָוויק, שפּאַנט מיט איר איבער דער גאַנצער גאַס, אַזוי שטאָלץ. קוקט יעדן איינעם אין די אויגן אַריין, צו זען, אויב מ׳באַמערקט כאָטש, וואָס פאַר אַ גרויסער אויפטועך ער איז.

און אַז געדאַליע, דאָס ווילד יינגל פון בלאָק, טוט זיך אַ לאָז צו אים, אַרויסכאַפּן די צייטונג פון זיין מויל, צעיאָגט זיך וואָוויק, ווי אַ ווינט און — גיי כאַפּ אים.

זיך אָנגעשפּילט מיט דער אַלטער פייגע־ברײנען, גייט דאָס הינטעלע געוואוירע ווערן, וואָס ס׳מאַכט די שכנה (שכיינע) זלאַטע אויפן דריטן שטאָק. מיט דער שכנה זלאַטע שפּילט ער זיך ניט קיין סך (סאַך). ער איז ניט אַזוי צוגעבונדן צו איר. נאָר וואָס זשע דען? ווען זלאַטע פּרעגלט לעבער, גיט זי אים תמיד (טאָמעד) אויך אַ שטיקל.

גייט ער איצט אַריין צו דער שכנה (שכיינע) זלאַטע, טוט אַ האַווקע, ווי ער וואָלט געזאָגט: העלאָו. טוט אַ שמעק און זעט, אַז זי פּרעגלט היינט ניט קיין לעבער, גייט ער זיך גלייך אַרויס, און לאָזט זיך אויפֿן פינפטן שטאָק, אַ קוק טאָן וואָס ס׳מאַכן די פיר מיידעלעך.

די פיר מיידעלעך הייסן: ציפּע, שרה (סאָרע), מרים (מיריעם) און לאה (לייע). זיי האָבן ניט קיין מאַמען, נאָר אַ טאַטן. און זייער טאַטע איז אַ פּאָליסמאַן, און ער איז אַ גאַנצן טאָג ניטאָ אין דערהיים. שפּילן זיך די פיר מיידעלעך אין הויז, און אַז וואָוויק קומט צוגיין, נעמט מען אים אויך אַריין אין דער שפּיל.

די פיר מיידעלעך האָבן שטענדיק ליב צו שפּילן אין טעאַטער. מען שמירט זיך אָן די פנימער (פּענימער) מיט סאַזשע, מען טוט זיך אָן די לאַנגע קליידער, וואָס זיינען געבליבן פון זייער מאַמען, און מען טאַנצט, און מען זינגט.

וואָוויקן שמירן זיי אויך אָן דאָס פּנים (פּאָנעם) מיט סאַזשע, טוען אַרויף אויף זיין קעפּל אַ רויט טערקיש היטעלע, געמאַכט פון פּאַפּיר, און ער טאַנצט שוין אויך מיט זיי.

אַזוי שפּילט מען זיך לאַנג, לאַנג, ביז זייער טאַטע, דער פּאָליסמאַן קומט אָן. און אַז דער טאַטע דער פּאָליסמאַן קומט אָן, כאַפּט וואָוויק זיינע פיסלעך אויף די פּלייצעס און אַנטלויפט.

ער האָט מורא (מוירע), וואָוויק, פאַר אַ פּאָליסמאַן. פאַרוואָס ווייסט ער ניט. נאָר ס׳פאַלט אויף אים אָן אַזש אַזאַ ציטערניש ווען ער דערזעט אַ פּאָליסמאַן.

דעם אמת (עמעס) געזאָגט, וואָלט ער שוין געדאַרפט גיין צוריק אַהיים,

ווייל ס׳איז שוין שפּעט. אָבער ער קאָן זיך ניט איינהאַלטן און לויפט אַראָפּ אויף דער גאַס, זען ווי די גאַסן־לאָמפּן צינדן זיך אָן אַלע אויף איינמאָל. ער האָט זייער ליב, וואָוויק, זען אַזאַ זאַך.

ערשט דערנאָכדעם, ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן מיט די גאַסן־לאָמפּן, האָט ער זיך שוין געלאָזט אויפן צווייטן שטאָק. דאָרטן טאַקע אויפן צווייטן שטאָק איז זיין אייגענע היים.

ווי גלייך נאָר וואָוויק איז צוגעקומען צו דער טיר, האָט ער עפּעס דער־שמעקט, אַז ניט אַלצדינג איז גלאַט דאָרטן אינעווייניק. דהינו (דעאיינע), האָט ער נאָך ניט געוואוסט, אָבער ס׳האָט אים אָנגעהויבן קלאַפּן דאָס האַרץ.

די טיר האָט אים אויפגעעפנט מוליק, און עפּעס איז ער געווען אַזאַ פריי־לעכער דער דאָזיקער שמואליק. געפעלט גראַדע היינט ניט וואָוויקן וואָס יע־נער איז אַזאַ פריילעכער.

גייט ער שוין אַריין אין קיך מיט עפּעס אַ ניט זיכערן אַריינגיין. ווי ער טוט אַ קוק: ברוך־הבא (באָרעכאַבאָ), אַ גאַסט איז דאָ.

— באַקאָן זיך, וואָוויק, מיט גאָלדען — מאַכט צו אים בירא אַזוי זיס.

גאָלדע איז אַ קאַץ. און גראַדע אַ שיינע קאַץ. מיט געדיכטע געלע האָר, מיט לאַנגע ווייסע וואָנצעס, און מיט בורשטינענע אויגן.

אָבער וואָוויק האָט פיינט קעץ. פון געבוירן אָן, אַז ער האָט זיי פיינט. אַזוי פיינט, אַז ער קאָן אַזש ניט קוקן אויף זיי.

ס׳גרימט אים אין בייכעלע וואָוויקן. בלויז פון קוקן אויף איר, גרימט אים אין בייכעלע.

טאָמער האָט ער געלעבט אַ רואיק שטיל לעבן, האָט מען אים געבראַכט אַ קאַץ צו פאַרשטערן זיין גליק, אוי, אוי . . .



# מען מיינט,
# אַז וואָוויק איז אַ גנב

באָך אַזאַ נאָמען — גאָלדע. אַך, ווען מען לאָזט אים צו צו איר, מאַכט ער פון איר אַש און בלאָטע.

און ווי מען צאַצקעט זיך מיט איר, און ווי מען וואָזגיעט זיך מיט איר. ער קאָן דאָס ניט פאַרליידן. ער גייט גלייך אַוועק אין צווייטן צימער. וואָס ווייניקער ער וועט קוקן אויף איר, וועט שוין זיין געזונטער פאַר אים.

און וואָס וואָוויק ווערט אַזוי אויפגעבראַכט, איז פון איר וואַשן זיך, און פוצן זיך. אַ גאַנצן טאָג כסדר, נאָר זי וואַשט זיך, נאָר זי פוצט זיך. שוין די אמתע (עמעסע) סחורה (סכוירע).

היינט איר מיאַוקען. ס׳הייבט אים אַזש אָן צו שטעכן אין בייכל, ווען זי פאַנגט אָן מיט איר צוקער-זיסן:

— מי-אַ-ו. מי-אַ-ו . . .

דעם צווייטן טאָג איז שוין גלייך פאָרגעקומען אַ געשלעג צווישן זיי.

די מעשה (מייסע), וואָס אין גאַסט-צימער שטייט אַ וויג-שטול, לעבן שטעל-לאָמפּ. און יעדער איינער אין הויז ווייסט שוין, אַז דאָס איז וואָוויקס אָרט. ווען ער ווערט מיד פון אַרומלויפן, כאַפּט ער זיך אַרויף אויף דער וויג-שטול און הוי-דעט זיך אַביסל.

ווי ער טוט אַ קוק, זי, גאָלדע גאָר, זיצט זיך שוין דאָרטן. קוקט אויף קיינעם ניט, נאָר זי וויגט זיך און מרוקעט זיך עפּעס אונטער פון גרויס הנאה (האַנאָע).

— האַוו, האַוו — פאַלט ער גלייך אָן אויף איר.

גיט זיך יענע גלייך אַ שטעל אויף, שטייפט אָן איר רוקן, און האַלט שוין גרייט אירע לאַנגע שאַרפע נעגל.

— האַוו, האַוו — טוט ער אַ שפרונג קעגן איר און וויל זי אַ כאַפּ טאָן מיט זיינע ציינדלעך.

אָבער איידער וואָס ווען און ס׳טוט אַ שמאַרץ ביי אים דאָס נעזל, און ס׳באַ-ווייזן זיך טראָפּנס בלוט.

— וואַ, וואָ — מאַכט ער קולות (קוילעס) און ליאַרעמט פון ווייטיק.

— אַ מצוה (מיצווע) אויף דיר — לויפט אַריין בירא פון קיך — ווער האָט דיר געהייסן זיך אָנהייבן מיט איר?

און זי נעמט נאָך גאָלדען אויף די הענט, טוליעט זי צו זיך, רעדט צו איר מיט גוטן, און יענע פּיעשטעט זיך, ווי זי איז נאָך גערעכט.

אָבער דאָס איז נאָך גאָרניט. צוליב איר, צוליב אָט דער פאַלשער זאַך, האָט מען שוין אים, וואַוויקן, געמאַכט פאַר אַ גנב (גאַנעוו).

— ווער האָט אַרויסגעכאַפּט פון פּעקל דאָס שטיקל לעבער? — שרייט בי־ראָ — ניט אַנדערש ווי דו, וואַוויק.

אמת (עמעס) טאַקע, ער, וואַוויק, האָט ליב לעבער. זייער ליב קאָן מען זאָגן. אָבער אַרויסכאַפּן פון פּעקל גאָר? קיינמאָל אין זיין לעבן ניט.

אָבעוי גיי דערציייל בירען, אַז ס'איז גאָלדעס אַרבעט, זי וועט אים דען פאַרשטיין?

און דאָ הייבט זיך אָן אַ מעשה (מייסע) מיט סמעטענע. בירא האָט אַליין, מיט אירע אייגענע הענט ליב געהאַט צו מאַכן סמעטענע. זי נעמט אַ קריגל מיט פעטע מילך, שטעלט דאָס אויפן פענצטער קעגן דער זון. און אין עטלעכע טעג ווערט שוין פון דער מילך סמעטענע.

אָבער דאָס קריגל מיט דער מילך האָט קיינמאָל ניט דערלעבט צו ווערן סמעטענע. פאַרוואָס? איר דאַרפט נאָך פרעגן?

און וואַוויק וויל זיך נאָר אַ מעשה אָנטאָן פון פאַרדראָס. ער זעט דאָך מיט זיינע אייגענע אויגן, ווי די קאַץ טוט דאָס. לעקט זיך אָן מיט מילך, דערנאָכדעם ווישט זי נאָך אָפּ די וואָנצעס, ס'זאָל קיין שום סימן ניט בלייבן. דערנאָכדעם, אַז בירא קומט אַריין, רייבט זי זיך נאָך צו יענערס פיס און מאַכט אַזוי האָניקדיק:

— מי־אָ־ו. מי־אָ־ו.

זעט שוין בירא, אַז דער וואַוויק איז אַ גרויסער נאַשער, און אַ גנב (גאַנעוו) אויך דערצו, קוקט זי אויף אים קרום. איז שוין ביים הינטעלע ערגער ווי גע־שלאָגן איר קוקן קרום אויף אים.

נעמט שוין בירא און לייגט שוין אַרויף אַ שווערן שטיין אויפן דעקל פון קריגל, כדי (קעדיי) מען זאָל שוין ניט קאָנען גנבענען (גאַנווענען). גנבעט שוין טאַקע קיינער ניט, און ס'ווערט פון דער מילך שיינע סמעטענע. און איינמאָל אָן אינדערפרי גיט זי מוליקן אַ שיסעלע סמעטענע מיט רעפּטעלעך באַנאַנע איינגעטונקען אין איר.

עסט שמואליק די סמעטענע. לויבט זיין ווייב בירא, וואָס זי איז אַזאַ גרוי־סע בריה (בעריע). עסט אָפּ און גייט זיך אַוועק צו דער אַרבעט. בירא נעמט זיך אָפּראַמען פון טיש. ווי פּלוצלונג אינמיטן דערינען, הייבט אָן דער טעלעפאָן צו קלינגען. לויפט זי שוין גלייך אַרויס פון קיך.

גאָלדע, זי וואַרט ניט לאַנג. שפּרינגט גלייך אַרויף אויפן טיש, און הייבט

אָן מיט איר נאַשערישן צינגעלע צו לעקן גיך, גיך, די סמעטענע, וואָס איז אי־בערגעבליבן אין קריגל.

זעט דאָס אַלס צו וואָוויק, אָבער ער קאָן גאָרניט טאָן. ער קאָן בלויז האַווקען. האַווקעט ער, אָבער גאָלדע הערט אים ווי די קאַץ. טוט זיך אירס.

אויסגעלעקט די סמעטענע, הייבט זיך יענע אָן צו וואַשן די וואָנצעס, וויל אָפּווישן יעדן סימן פון סמעטענע.

זעט שוין וואָוויק, אַז ס'איז שלעכט, אַז אָט וועט זי אָפּווישן יעדן סימן. וואַרפט ער זיך אויף איר. טוט אָבער יענע גלייך אים אַ דראַפּע. שפּרינגט ער, פאַרשטייט זיך, תיכף (טייקעף) אָפּ. נעמט גאָלדע זיך ווידער וואַשן, טוט וואָוויק ווידער זיך אַ לאָז אויף איר. הכלל (אַקלאַל), ער — אַ שפּרונג אויף איר. זי אים — אַ דראַפּע. ער — ווידער אַ שפּרונג. זי — נאָכאַמאָל אים אַ דראַפּע.

און דאָ רעדט נאָך אַלץ בּיראָ אויפן טעלעפאָן. און וואָוויק ווייסט, אַז בּיראָ רעדט אויפן טעלעפאָן, קאָן זי שוין אַזוי אָפּרעדן אַ גאַנצן טאָג. אָבער ער טרעט ניט אָפּ. איינמאָל פאַר אַלעמאָל, ער וועט דער גנבטע (גאַנעווטע) ניט לאָזן אָפּ־ווישן יעדן סימן פון דער סמעטענע. זאָל זי אים אַפילו צעגראַבלען ביז טויט.

און זי האָט אים טאַקע גוט צעגראַבלט. בּלוט האָט גערונען, אָבער ער איז שוין ניט אָפּגעטראָטן פון איר.

אַז בּיראָ איז אַריין אין קיך און דערזען גאָלדען מיט די סימנים (סימאָנעם) פון דער סמעטענע אויף די וואָנצעס, געזען וואָוויקן אַ צעדראַפּעטן, האָט זי שוין אַלצדינג פאַרשטאַנען.

— גאָלדע גנבטע (גאַנעווטע) — האָט זי געשריען אויף דער קאַץ — גאָלדע נאַשערין. דו אַזוינע און אַזוינע. איך גיב דיר קאַרג צו עסן, דאַרפסט נאָך גנבענען?

און בשעת (בּעשאַס) בּיראָ שרייט אויף דער קאַץ, העלפט איר דאָס הינטע־לע דערווייל אַרויס.

— האַוו, האַוו — שפּרינגט ער אויף איר. וואָס דאָס מיינט צו זאָגן: — גנב־טע, ליגנערין, נאַשערין, פוילע זאַך, פוסטע פּאַסניצע, פּאַראַזיטקע, האַוו האַוו...





# ווי אַזוי וואָוויק איז געוואָרן שלום מיט דער קאַץ

אבער אַ מאָדנע זאַך — ס׳איז געוואָרן שלום (שאָלעם) צווישן וואָוויקן און גאָלדען. אמת (עמעס) טאַקע, זיי האָבן זיך ניט געקושט און ניט געהאָלדזט, אָבער מען האָט זיך שוין ניט פיינט געהאַט ווי פריער.

ווי אַזוי איז דאָס געקומען דערצו? ס׳איז געקומען פון יענעם טאָג, ווען גאָלדע איז געלעגן געוואָרן.

יאָ, זי איז געלעגן געוואָרן און געבוירן פיר קעצעלעך. שיינינקע קעצעלעך. איינס איז געווען אינגאַנצן אַ געלס, ווי די מאַמע גאָלדע, האָט מען דאָס טאַקע אַ נאָמען געגעבן געלע. אַ צווייטס איז געווען גאָלע ווייס, נאָר די אויערלעך און ווידעלע זיינען געווען שוואַרץ, האָט מען דאָס גערופן, טויבע. דאָס דריטע איז געווען גרוי, ווי אַש, האָט מען דאָס אַ נאָמען געגעבן רויך. דאָס פערטע איז געווען גאָלע שוואַרץ, נאָר דאָס בייכעלע איז געווען ווייס, האָט מען דאָס גערופן, טשאַרני.

דעם לעצטן נאָמען האָט בערל דער אָפּערעיטאָר געגעבן, מחמת (מאַכמעס) ער האָט געקאָנט רוסיש, און אין רוסיש טשאָרני מיינט שוואַרץ.



פאַרשטייט זיך, אַז ס׳איז זיך צונויפגעקומען די גאַנצע משפחה (מישפּאָכע): בערל, מאַלי, רבקה, האַימי דער געלער, און בּיראָס טאַטע און מאַמע און אויך דער אַלטער לאַבּזיק. זיי האָבּן אַלע געליבּט גאָלדען, וואָס פאַר אַ בריה (בּעריע) זי איז, וואָס פאַר אַ געראָטענע מאַמע זי איז. מען האָט געטרונקען וויין, פאַרביסן מיט לעקעך, און געוואונטשן דער קימפעטאָרין געזונט און לאַנגע יאָרן, און נחת (נאַכעס) אין אירע קינדערלעך.

וואָוויק, ער איז שוין ניט אָפּגעטראָטן פון די קינדערלעך־קעצעלעך. ס׳הייסט, צו נאָענט האָט אים די מאַמע־קאַץ ניט צוגעלאָזט. בּלויז פונדערווייטנס קוקן אויף זיי.

פון אַ רענצל האָט בּיראָ געמאַכט אַזאַ מין בּעט פאַר דער קינמפעטאָרין און פאַר אירע קינדערלעך.

געבּוירן האָט גאָלדע די קעצעלעך נאָך פּסח (פּייסעך), ווען ס׳איז שוין געווען וואַרעם אינדרויסן. האָט מען אַרויסגעטראָגן דאָס רענצל מיט די קעצעלעך אין הויף אַריין, קעגן דער זון. איז געווען וואַרעם די קינדערלעך. און ס׳איז אויך געווען וואַרעם דער מאַמען.

וואָוויק איז שוין אויך איבּערגעליגן אין הויף. ער האָט אַזוי ליבּ בּאַקומען די פּיצעלעך, אַז ס׳איז עפּעס גאָרניט געווען צו בּאַשרייבּן. ס׳האָט אים אַזש געביסן די לאַפּקעלעך, אַזוי שטאַרק האָט ער זיי געוואָלט אָנרירן. ס׳האָט אים אַזש געבּיסן דאָס צינגעלע, אַזוי שטאַרק האָט ער זיי געוואָלט אַ לעק טאָן. אָבּער גיי טו עפּעס, אַז מען לאָזט ניט.

גאָלדע איז ניט אָפּגעטראָטן פון זיי, געהיט זיי ווי אַן אויג אין קאָפּ. געגלעט זיי, געלעקט, געוואַשן. זיך גלייך אָנגעדראָדלט, ווען עמיצער האָט געוואָלט אָנרירן אירע פּיצעלעך. אַפילו בּיראַן און שמואליקן האָט זי ניט צוגעלאָזט, ווער

שמועסט נאָך וואָוויקן.

ווי באַלד אָבער די קינדערלעך האָבן אָנגעהויבן אַביסל אונטערצוּוואַקסן, ווי ס׳איז שוין געוואָרן אינגאַנצן אַנדערש. גאָלדעס ליבע צו זיי האָט זיך עפּעס ווי אָפּגעקילט. זיי איבערגעלאָזט אָפּט מאָל אַליין.

פאַרשטייט זיך, אַז וואָוויק האָט זיך שוין צוגעכאַפּט צו זיי. ער האָט זיך שוין ריכטיק אָנגעשפּילט מיט די קינדערלעך, בשעת (בעשאָס) זייער מאַמע איז ניט געווען דערביי. די קעצעלעך האָבן די ערשטע צייט עפּעס מורא (מוירע) געהאַט פאַרן הינטעלע. פלעגן אָנשטייפן זייערע רוקנדלעך. שפּעטער, אָבער, האָבן זיי זיך שוין צוגעוואוינט צו אים.

ער פלעגט זיך צעלייגן מיט די פיסעלעך אַרויף, וואָוויק, און זיי, די קינדערלעך, פלעגן אַרויפקריכן אויף זיין בייכעלע. האָט ער געהאַט גרויס הנאה (אַנאָע), וואָוויק, וואָס זיי זיינען אַרויפגעקראָכן אויף זיין בייכעלע.

געווײנלעך פלעגט זיך וואָוויק שפּילן מיט די קעצעלעך אין הויף. אין וואַרעמע טעג איז גאָר געווען אַ מחיה (מעכאַיע) דאָרטן אין הויף. אָבער איינמאָל אַ טאָג איז עפּעס געשען אַ שרעקלעכע זאַך. וואָוויק איז שיר ניט געשטאָרבן פון שרעק.



# וואָוויק ווערט אַ העלד אין סאַראַטאָגאַ עוועניו

ס'איז געווען אַזוי:
אין דעם טאָג איז עפּעס דאָס הינטעלע געווען זייער מיד. צי ער איז זיך ניט גוט געשלאָפן ביינאַכט, צי וואָס, אָבער ער איז געווען ניט מיט אַלעמען.

האָבן זיך שוין די קעצעלעך געשפּילט אָן אים. אין הויף איז דאָס געווען. געשפּרונגען איינער איבערן אַנדערן, צעלייגט איינער דעם אַנדערן, געגראַבלט איינער דעם אַנדערן. ס'איז שוין זיי געווען אמת (עמעס) פריילעך. די מאַמע זייערע, גאָלדע, איז ווי געוויינלעך ניט געווען דערביי.

וואָוויק איז זיך געלעגן לעבן בוים און האָט געדרעמלט. מיט אַמאָל, ווי ער דערפילט אין זיין דרעמל, אַז עפּעס איז געשען. ער עפנט די אויגן, ער טוט אַ קוק: ווי, וויי!!

די מעשה (מייסע) איז, וואָס אונטערן בוים, אין פּלויט, איז געווען אַ לאָך, און דורך דעם דאָזיקן לאָך זיינען אַלע פיר קעצעלעך דורכגעקראָכן און אַרויס אויפן טראָטואַר.

וואָלט ניט געווען אַזאַ גרויסער אומגליק, וואָס זיי זיינען אַרויס אויפן טראָטואַר, אָבער דאָס קעצעלע טשאַרני, ווי ס'לאָזט זיך גלייך אויף דער גאַס. און דאָ יאָגן זיך אויטאָמאָבילן איבער דער גאַס, אַהין און צוריק, גיך, גיך.

די נאַרישע טשאַרני, זי פאַרשטייט גאָרניט. שפּאַנט זיך מיט שטילע טריטעלעך גלייך צום מיטן פון דער גאַס, גלייך צום געדעכטן.

— האַוו, האַוו — טוט גלייך אַ קריך אַרויס אויך וואָוויק. — האַוו, האַוו — טוט ער זיך אַ לאָז צו דער נאַרישער טשאַרנין. אָבער יענע פאַרשטייט ניט, וואָס וואָוויק האַווקעט אויף איר. טוט זיך אירס.

וואָס טוט מען?! ווערט וואָוויק געוואַלדיק דערשראָקן. וואָס טוט מען?! און מיט אַמאָל, ווי ער גיט אַ לויף, שטעלט זיך אַנידער סאַמע אינמיטן דער גאַס גלייך אַנטקעגן די יאָגנדיקע אויטאָמאָבילן, פאַררייסט די מאָרדע אין דער

הויך, און האַווקעט מיט אַלע כוחות (קויכעס).

האָט דען וואָוויק ניט געוואוסט, אַז די יאָגנדיקע אויטאָמאָבילן קאָנען נאָך אַרויפפאָרן אויך אויף אים און אים צעקוועטשן אויף טויט? אוודאי (אַוואַדע) האָט ער געוואוסט. אָבער פונדעסטוועגן זעט איר דאָך.

אַך, אַך, ווען ניט אָט דאָס קלוג הינטעלע, וואָלט מען געווען איבערגעפאָרן אויף טויט אַזאַ שיין קעצעלע. אָבער צוליב אים האָט מען שוין אָפּגעשטעלט די אויטאָמאָבילן. מיט אַמאָל אָפּגעשטעלט. מיט אַ קוויטש אַזש אָפּגעשטעלט.

און דאָ זיינען זיך אַ סך מענטשן צונויפגעלאָפן און אַלע האָבן דערפילט אַזאַ ליבשאַפט צו וואָוויקן, און מען האָט געשריען איינער צום אַנדערן:

— אַ קלוג הינטעלע, אַ טייער הינטעלע, אַ העלדיש הינטעלע.

אייניקע האָבן אַפילו געפּאַטשט בראַוואָ. אָבער וואָוויק האָט שוין ניט געהערט, ווי מען שרייט: אַ קלוג הינטעלע, אַ טייער הינטל, און ווי מען פּאַטשט בראַוואָ. נאָכדעם וואָס ער האָט געזען, אַז ער האָט אָפּגעראַטעוועט טשאַרנין, האָט ער גענומען און געחלשט (געכאַלעשט).

יאָ, געחלשט, פאַרמאַכט די אייגלעך, און אומגעפאַלן אויף דער ערד. האָט מען, פאַרשטייט זיך, אים גלייך אַ כאַפּ געטאָן, אים אַריינגעטראָגן אין אַ דראָגסטאָר, געשפּריצט אויף אים וואַסער און אים געקוועטשט ביים נעזעלע און אים אָפּגעמונטערט.

פון דעמאָלט אָן איז וואָוויק געוואָרן זייער באַרימט אויף סאַראַטאָגאַ עוועניו. ווי נאָר ער האָט זיך באַוויזן אויף דער גאַס האָבן מענטשן גלייך געזאָגט איינער צום אַנדערן:

— איר זעט, אָט גייט וואָוויק, דאָס העלדיש הינטעלע, וואָס האָט געראַטעוועט פון אַ זיכערן טויט דאָס שוואַרץ קעצעלע מיטן ווייסן בייכעלע . . .



# וואָוויק ווערט טאַקע
# באמת אַ גנב

וואָוויק האָט דודלען (דאָווידלען) ניט ליב געהאַט, ווייל דודל (דאָווידל) פלעגט אים רייסן ביים ווײַדעלע.

ווער איז זשע דודל ווילט איר וויסן? דודל איז וועלוול דעם פאָטאָגראַפערס אַ זונדל. וועלוול און זיין ווייב דבורה (דוואוירע) וואוינען טאַקע אויף דעמזעל-ביקן בלאַק אויף סאַראַטאָגאַ עוועניו. אויפן ערשטן שטאָק וואוינען זיי, מיט אַ גערטנדל הינטן אין הויף.

דודל און פריידעלע זיינען כמעט (קימאַט) אין די זעלבע יאָרן. דודל איז אַ שיין יינגעלע, און פריידעלע איז אַ שיין מיידעלע. שפילן זיי זיך שוין צוזאַמען.

אָדער בירא ברענגט פריידעלען צו דודלען אין הויז, צי אין גאָרטן, זיך שפילן, אָדער דבורה ברענגט דודלען אין פריידעלעס הויז, צי אין הויף, זיך שפילן.

צוויי גרויסע ברוינע אויגן פאַרמאָגט דאָס דודל און קוקט יעדן איינעם גלייך אין פנים (פאָנעם) אַריין. שעמט זיך גאָרניט. דער שטערן זיינער איז זייער אַ הויכער. דאָס פאָנים זיינס היפּש. די הענטעלעך אַזוינע שטאַרקע. די האָר פון קאָפּ זיינען העלע און געקרויזלטע. און אַליין איז ער זייער אַ געפּאַק-טער. שמואליק רופט אים פון שפּאַס וועגן: דער קליינער טאַרזאַן. בערל רופט אים אויך פון שפּאַס וועגן: דער קליינער „שמשון הגיבור" (שימשן-אַגיבער), וואָס דאָס איז כמעט (קימאַט) איינס און דאָס זעלבע.

פריידעלע איז אויך אַ שיינע. אייגעלעך בלוי ווי דער הימל פאַרמאָגט זי. און אַ פאַרריסן נעזל, און שוואַרצע געקרייזלטע האָר, און אַ גריבעלע אויף יעדן פינגער און אויף יעדן אָרעם, און אירע פינגער זיינען לאַנגע און אויך שטאַרקע.

מיט די דאָזיקע שטאַרקע און לאַנגע פינגער העלפט זי דודלען רייסן וואָ-וויקן דאָס ווײַדעלע. און וואָס קאָן נעבעך וואָוויק טאָן, ווען מען רייסט אים ס'ווײַדעלע?

יאָ, דודל מיט פריידעלע, האָבן אים געריסן ביים ווײַדעלע, און ער האָט

זיי גאָרניט געקאָנט טאָן. זיך געמוזט נעבעך לאָזן רייסן. און די קינדער האָבן געוואַלדיק אָנגעקוואָלן פון דעם.

אָבער אויב איר מיינט, אַז דודל און פריידל האָבן זיך געלעבט בשלום (בעשאָלעם), האָט איר אויך אַ טעות (טאָעס). מען האָט זיך געריסן איינער דעם אַנדערן בײַ די האָר. אַרײַנגעפּאָרן איינער דעם אַנדערן אין די אויגן אַרײַן. געגראַבלט איינער דעם אַנדערן די נעזעלעך.

און געריסן האָט מען זיך מערסטנס צוליבן באָל. ס׳איז געווען אַזוי: וועלוול האָט געקויפט אַ באָל זיין דודלען. איז דאָס שוין איינמאָל געווען אַ באָל דוקא (דאַפקע) אַ קליינער, נאָר ער האָט פאַרמאָגט אַלערליי קאָלירן: רויט, געל, שוואַרץ, ווייס, ברוין און גרין. און נאָך, און נאָך קאָלירן.

איז ווען פריידעלע קומט צוגאַסט צו דודלען, כאַפּט זי זיך גלייך צום באָל. לאָזט, פאַרשטייט זיך, דודל ניט. נעמט פריידעלע און פאַרפאָרט אים אין די אויגן. נעמט דודל און גיט זי אַ שטופּ. נעמט פריידעלע און מאַכט אַ גרויסן געוואַלד. נעמט דודל און אַנטלויפט.

הכלל (אַקלאַל), ס׳איז שוין אמת (עמעס) פריילעך, אַז די דאָזיקע צוויי קינדער קומען זיך צוזאַמען. באַזונדערס ווערט פריילעך ווען בירא קומט אָפּנעמען פריידעלען אַהיים, און פריידעלע וויל רק (ראַק) מיטנעמען מיט זיך דעם באָל. לאָזט, פאַרשטייט זיך, ניט דודל. נו, נו, טוט זיך שוין.

וואָוויק, פאַרשטייט זיך, קוקט זיך צו דעם צו. זעט, ווי מען רייסט זיך איבערן



באָל און ער טראַכט עפּעס.

פאַרנאַכט. ס'איז שוין באַלד פינצטער. דאָס הינטעלע שפּאַציִרט זיך אַזוי ניט ווילסנדיק איבערן טראָטואַר. שפּרינגט זיך אַריבער וועלוועלעס פּלויט. און דאָרטן אין גערטנדל, הינטערן דעכעלע, ליגן זיך אין קעסטל אַלע דודלס שפּי־לעכלעך. און פאַרשטייט זיך, אויך דער באָל צווישן זיי. טראַכט דאָס הינטעלע ניט לאַנג, כאַפּט אַריין דעם באָל צווישן די ציין, שפּרינגט אַריבער דעם פּלויט און לאָזט זיך אַהיים.

אַי, ווער מען אים שוין ליבן. אַלע וועלן אים ליבן. שמואליק, בּיראָ, פּריי־דעלע. און אַז מען וועט דערציילן בערלען, מאַלין, רבקהן, האַימי דעם געלן, וועלן זיי אים אויך ליבן.

און אָט זייער מונטער און פריילעך, לויפט ער אַריין אין קיך אַריין, טוט אַ וואָרף דעם באָל אויפן דיל, פאַר אַלעמען אין די אויגן.

אָבער: ווײ, ווײ, ער האָט זיך גאָרניט גערעכט אויף אַזאַ ברוך הבא (באָ־רעכאַבאָ). אָנשטאָט מען זאָל אים ליבן, ווי מען פּאַטשט אים גאָר. יאָ, פייערדי־קע פּעטש דערלאַנגט אים שמואליק.

— אַ גנב (גאַנעוו) וועסטו ביי מיר אויסוואַקסן. אַ גנב? אַז ניט דערלעבן זאָלסטו. שוין, טראָג אָפּ דעם באָל צו דודלען. קום, לאָמיך זען, ווי דו טראָגסט אָפּ דעם באָל.

מילא (מײלע), וואָס קאָן ער, וואָוויק, טאָן? אַן אויסגעפּאַטשטער, אַ שטאַרק



געפּאַלענער בײַ זיך, נעמט ער דעם באַל צוריק צווישן די ציין און לאָזט זיך צו־ריק צום גערטנדל. שמואליק נאָך אים. שפּרינגט אַריבער דעם פּלויט. שמואליק אויך. וואָוויק לייגט אַנידער צוריק דעם באַל אין קעסטל צווישן די שפּילעכלעך, און שמואליק זאָגט:

— קום אַהיים.

גייט ער אַהיים. אָבער קומענדיק צו דער טיר, לייגט ער זיך אַנידער, און וויל ניט אַריינגיין אין הויז. לאָזט אים דאָרטן שמואליק ליגן. ליגט ער און איז זייער טרויעריק. וויינט אין דער שטיל. וויינט אין זיך. ביז בירא קומט אַרויס און זאָגט אים מיט גוטן:

— נו, שאַ. נו, וויין ניט. וועסט שוין דעם צווייטן מאָל ניט גנבענען (גאַנ־ווענען) בײַ יענעם. אַ יאָ וועסט ניט גנבענען?

— וואָ, וואָ — מאַכט דאָס הינטעלע און כליפּעט. — וואָ, וואָ. דאָס הייסט: שוין מערער ניט.

— נו, גוט. נו, וואויל — נעמט אים בירא אַריין אין הויז.

לייגט זיך וואָוויק אויף זיין געלעגער, אָבער ער קאָן אַזוי גיך ניט איינ־שלאָפן. עפּעס האָט ער רחמנות (ראַכמאָנעס) אויף זיך אַליין, וואָס ער איז אַזאַ גנב. עפּעס האָט ער אויך מורא (מוירע), אַז ס׳וועט שוין פון אים קיין לייט ניט זיין . . .



# וואָוויק ווערט אַ ליגנער

ס'איז געקומען דער האַרבסט קיין ברוקלין און גרויסע רעגנס האָבן אָנגעהויבן צו גיסן אויף סאַראַטאָגאַ עוועניו. איז געווען אומעטיק וואָוויקן, מחמת (מאַכמעס) ער האָט שוין ניט געקאָנט לויפן אינדרויסן זיך שפּילן. ער איז געזעסן גאַנצענע טעג לעבן פענצטער און געהאַוקעט אויפן רעגן. דעם הינטעלע האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז דאָס פאַלט דער רעגן בלויז אים, וואָוויקן, אויף צולהכעיס (צולאכעס). האָט ער פיינט געהאַט דעם רעגן. אים געזידלט און געשאָלטן.

און דאָ פאַלט דער רעגן איין טאָג, צוויי טעג, דריי טעג. ס'נעמט גאָרניט קיין סוף (סאָף). איז זיך מישב (מעיאַשעוו) דאָס הינטעלע: וואָס וועט זיין, וועט זיין און ער האָט זיך אַרויסגעכאַפּט אינדרויסן. ס'האָט אים אָבער גלייך באַנג געטאָן, מחמת (מאַכמעס) אין איין מינוט איז ער דורכגענעצט געוואָרן דורך און דורך. האָט ער שוין קיין אַנדער ברירה (ברײרע) ניט געהאַט און צוריק אַרײַנגעלאָפן אין הויז.

גאָר שפּעטער, טיף אינמיטן דער נאַכט, ווי שמואליק און בירא כאַפּן זיך מיטאַמאָל אויף פון שלאָף. וואָס איז די מעשה (מייסע)? זיי האָבן געהערט עמיצן הוסטן. זאָל דאָס זיין זייער טעכטערל פריידעלע? ניין, עפּעס קלינגט דאָס ניט, ווי זייער טעכטערל פריידעלע.

— כ'האָב מורא (מוירע) גאָר — רופט זיך אָן בירא — אַז ס'איז וואָוויק.

— שלאָף בירא, שלאָף — מאַכט מוליק — ס'איז מסתמא (מיסטאָמע) אויף אַ ווייל. זיין הוסט וועט איבערגיין.

— אָבער איך האָב אים געזאָגט, ער זאָל ניט אַרויסלויפן אינדרויסן אין רעגן — קלאָגט זיך בירא פאַר איר מאַן — וואָס טוט מען מיט אָט דעם מזיק (מאַזעק)?

אָבער שמואליק הערט שוין ניט, וואָס זיין ווייב זאָגט אים. ער שלאָפט שוין ווידער. שלאָפט מיט אַ שנאָרכן.

בירהָ אָבער קאָן שוין ניט איינשלאָפֿן. זי גייט אַראָפּ פֿון בעט, וואַרפֿט אַרויף אויף זיך דעם שלאָפֿראָק. גייט צו צו וואָוויקן, נעמט אים אויף די הענט, גלעט אים איבערן קעפּל, רייבט אים דאָס בייכעלע.

און וואָוויקן האָט מען נאָך קיינמאָל אין זיין לעבן ניט געגלעט אַזוי שיין איבערן קעפּל און געריבן אַזוי גוט זיין בייכעלע. און ווען נאָך — אינמיטן דער נאַכט. געפֿעלט דאָס אים זייער און זייער. נעמט זיך איבער. פּיעסטשעט זיך און מאַכט: הי, הי, הי.

פֿון בירהָס גלעטן, ווייזט אויס, איז דעם הינטעלע געוואָרן בעסער, אויפֿגעהערט צו הוסטן און אַנטשלאָפֿן געוואָרן.

גאַנצפֿרי אָבער, ווי ער צעהוסט זיך ווידער און נאָך ערגער, ווי פֿריער. שמואליק איז שוין ניט געווען אינדערהיים. געווען שוין ביי דער אַרבעט. לויפֿט גלייך בירהָ צום טעלעפֿאָן און רופֿט אָפּ איר שוויגער מאַלין.

ענטפֿערט איר די שוויגער אויפֿן טעלעפֿאָן, אַז ס׳איז גאָרנישט. מסתמא (מיסטאָמע) אַ פֿאַרקילונג. זאָל זי וואָוויקן געבן טרינקען מילך מיט האָניק, וועט דאָס איבערגיין.

אָבער ס׳איז אַזוי גיך ניט איבערגעגאַנגען. דריי טעג האָט גענומען, ביז דער הוסט איז אינגאַנצן אַוועק. אָבער די דאָזיקע דריי טעג איז וואָוויקן געווען גוט ווי די וועלט. אַלע האָבן אים ליב געהאַט. אַלע זיינען זיך געקומען פֿרעגן וואָס ער מאַכט, און גערעדט צו אים אַזוי גוט און וואויל. אים אויך געגלעט, געטרייסט, און ער האָט זיך פֿאַר יעדן איינעם געפּיעסטשעט, געמאַכט כלומרשט טרויעריק: הי, הי, הי . . .

ס׳איז געקומען געוואוירע ווערן וואָוויקן די שכנה (שכיינע) זלאַטע און וועלוול דער פֿאָטאָגראַפֿער מיט זיין פֿרוי און מיט דודלען. ס׳זיינען געקומען געוואוירע ווערן דעם פֿאָליסמאַנס פֿיר מיידעלעך: ציפּע, שרה, מרים און לאה פֿון פֿינפֿטן שטאָק.

אפֿילו די אַלטע פּייגע ברײנע פֿון אונטערשטן שטאָק איז אויך געקומען פֿרעגן, וואָס וואָוויק מאַכט. קוים זיך אַרויפֿגעשלעפּט די טרעפּ מיט אירע קראַנקע פֿיס, בלויז צוליב אים.

וואָס דאַרפֿט איר מערער, אַפֿילו די קאַץ גאָלדע, וואָס, ווי איר ווייסט, איז געווען שטענדיק נאָר פֿאַר זיך, אַפֿילו זי, איז צוגעקומען אַ קוק טאָן, וואָס דאָס הינטעלע מאַכט.

אָבער ווי באַלד נאָר וואָוויק האָט אויפֿגעהערט צו הוסטן, ווי באַלד נאָר ער איז געזונט געוואָרן, און עלהעי ס׳איז שוין גאָרניטאָ קיין וואָוויק אויף דער וועלט. שוין, מען קוקט זיך שוין ניט אום אויף אים. מען רעדט שוין צו אים ניט קיין גוטע רייד. פֿאַרגעסן אינגאַנצן אין וואָוויקן.

דאָס, פֿאַרשטייט זיך, האָט אים שטאַרק פֿאַרדראָסן. אָבער וואָס קאָן ער טאָן?

ס׳גייען אַוועק טעג, און עפּעס פילט ער זיך ווי אַן איבעריקער אין שטוב. עפּעס ווי אַ יתום (יאָסעם). קיינער האָט אים ניט ליב. קיינער גיט צו אים ניט קיין גוטן שמייכל. קריכט ער אַרונטער אונטערן בעט. ליגט דאָרטן אָפּ גאַנ־צע שטונדן, און קיינער פרעגט אַפילו ניט, וואוהין איז אַהינגעקומען וואָוויק? אפשר (עפּשער) איז ער גאָר געשטאָרבן?

איינמאָל ליגנדיק אַזוי אונטערן בעט און טראַכטנדיק זיינע אומעטיקע גע־דאַנקען, ווי פּלוצלונג זיך ווידער צעהוסט. איז גלייך בּיראָ געקומען צולויפן אַ דערשראָקענע.

האָט זיך שוין ווידער אָנגעהויבן די זעלביקע מעשה (מייסע). בּיראָ האָט אים געגלעט איבערן קעפּעלע, געריבן דאָס בּייכעלע, אים געגעבן מילך מיט האָניק צו טרינקען. די שכנים (שכיינים) האָבן געהאַלטן ווידער קומען אין הויז אַריין זיך פרעגן וואָס וואָוויק מאַכט. יעדער איינער האָט גערעדט צו אים גוטע רייד, געשמייכלט ליבלעך צו אים. הכלל (אַקלאַל), וואָוויק האָט זיך ווידער דערפילט גליקלעך.

די שוויגער מאַלי האָט אָבער דאָס ניט געקאָנט פאַרשטיין. ווען בּיראָ האָט איר אָנגעזאָגט, אויפן טעלעפאָן, אַז וואָוויק הוסט נאָכאַמאָל, האָט זי געזאָגט, אַז זי קומט גלייך אַריבּער.

און זי איז טאַקע גלייך אַריבּערגעקומען. דער „גלייך", פאַרשטייט זיך, האָט גענומען מערער ווי אַ שטונדע. מחמת (מאַכמעס) פון דזשעקסאָן עוועניו אין די בּראָנקס, בּיז סאַראַטאָגאַ עוועניו אין בּרוקלין מיטן סאָבּוויי, נעמט מע־רער פון אַ שטונדע.

הכלל (אַקלאַל), זי איז געקומען אין הויז, אַ קוק געטאָן אויף וואָוויקן און גע־שאָקלט מיטן קאָפּ.

— מיר דאַכט זיך אַז ער בּלאָפט — מאַכט זי צו איר שנור.

— אָבּער ער הוסט דאָך אַזוי שטאַרק — פאַרשטייט ניט בּיראָ.

— לאָמיך אוממיסטנע הערן ווי ער הוסט — רופט זיך אָן מאַלי.

און וואָוויק זעט, ווי מאַלי קוקט אויף אים אַזוי שטאַרק, און גלויבּט זיך ניט, נעמט ער און צעהוסט זיך. זייער שטאַרק צעהוסט ער זיך. מיט אַ כריפּע אַזאַ.

— ער איז אַ ליגנער — מאַכט מאַלי — ער מאַכט זיך. ס׳איז אים גאָרניט.

— אָבּער פונוואַנעט ווייסט איר, שוויגער? — פרעגט בּיראָ.

— איך ווייס שוין, וואָס אַרט דיך. קוק זיך ניט אום אויף אים, וועט ער שוין אויפהערן צו הוסטן. ס׳געפעלט אים הפּנים (אַפּאָנעם), וואָס יעדער איינער גיט זיך אָפּ מיט אים, ווען ער ווערט קראַנק. ס׳איז שוין דער אמתער (עמעסער) חברה (כעווירע)־מאַן אָט דער וואָוויק.

יאָ, די שוויגער איז טאַקע געווען גערעכט. מען האָט אויפגעהערט קוקן אויף אים, האָט ער אויפגעהערט צו הוסטן.

האָט מען אַזוי געלאַכט. די גאַנצע משפּחה (מישפּאָכע) איז זיך צונויפגע־

קומען לאַכן. מען האָט געלאַכט פון וואָוויקן, וואָס ער איז אַזאַ ליגנער. מען האָט געלאַכט פון בּיראָן, וואָס זי האָט אים געגלויבּט.

און וואָוויק? וואָוויק איז אַרונטערגעקראָכן אונטערן בּעט אַ פאַרשעמטער, אַ בּאַליידיקטער און געטראַכט: וואַרט אויס, וואַרט אויס, איך וועל נאָך אויף אַן אמתן (עמעסן) קראַנק ווערן, און שטאַרבּן אויך, וועט שוין יעדן איינעם בּאַנג טאָן, וואָס מען האָט געלאַכט פון מיר . . .



# וואָוויק טוט עפּעס אָפּ

ס'איז געווען פריילעך אין הויז. קיינמאָל ניט געווען אַזוי פריילעך. פריידעלע איז אַלט געוואָרן צוויי יאָר.

ס'זיינען געקומען אַ סך (אַ סאַך) מענטשן. ניט נאָר בערל, מאַלי, רבקה, האַימי דער געלער, שלמה, גיטל, לאַבזיק, נאָר אויך וועלוול דער פאָטאָגראַפער, זיין ווייב דבורה און דודל זייער זון. אַלע זיינען געקומען. מען האָט אַלע געזונגען צו פריידעלען אַזאַ ליד:

צו דיין געבורטסטאָג,
צו דיין יום־טוב (יאָמטעוו) היינט
האָבן מיר זיך פאַרזאַמלט,
אַלע דיינע גוטע פריינט.
טראַלאַ, לאַ, לאַ . . .

פאַרשטייט זיך, אַז לאַבזיקס מעזונעק איז געווען פריילעכער פון אַלעמען. דער גלאַוונער מחותן (מעכוטן). איין קליניקייט. אַרומגעשפרונגען, געהאַווקעט, צו יעדן איינעם געלאָפן זיך קושן.

מען האָט געבראַכט אַ סך מתנות (מאַטאָנעס) פאַר פריידעלען. אָבער די שענסטע מתנה (מאַטאָנע) איז געווען — מימי. מימי די ליאַלקע. דאָס האָט וועלוול דער פאָטאָגראַפער געבראַכט פריידעלען די דאָזיקע ליאַלקע אַלס אַ מתנה.

די וואונדערלעכסטע זאַך מיט אָט דער מימין, וואָס זי האָט געקאָנט פינטלען מיט די אויגן און זאָגן: מאַמע, איך וויל עסן.

שיין איז אויך געווען איר שמייכל. צו יעדן איינעם האָט זי געשמייכלט. צו וואָוויקן אויך. און וואָוויק האָט זייער ליב, אַז מען שמייכלט צו אים. עפּעס אַזאַ חן־גריבעלע האָט מימי פאַרמאָגט אין איר לינקן בעקעלע.

הכלל, די דאָזיקע מימי איז דעם הינטעלע גלייך איינגעבאַקן געוואָרן אין

האַרצן. די צרה (צאָרע) איז אָבער, וואָס פריידעלע האָט אים ניט געלאָזט זיך שפּילן מיט איר. זי האָט קיינעם זיך ניט געלאָזט שפּילן מיט איר. ס'איז איר מימי, איר מיידעלע מימי. האָט וואָוויק שטאַרק געליטן פון דעם. ס'איז אים אַזש אויסגעגאַנגען דאָס חיות (כאַיעס) זיך אַ שפּיל טאָן מיט דער שיינער מימין. אָבער גיי, אַז די דאָזיקע פריידעלע איז אַזאַ עגאָאיסטקע.

מאַכט זיך איינמאָל, וואָס אַלע גייען אַוועק פון הויז און מען לאָזט איבער אין שטוב וואָוויקן מיט מימין.

איז שאַ שטיל אין הויז. מימי זיצט זיך אויף דער שטול און שמייכלט צום הינטעלע. אַ, אַ, ווי ליב האָט וואָוויק די דאָזיקע שמייכלענדיקע ליאַלקע. ער האָט זי בעסער ליב פון דודלען און פון פריידעלען. מחמת (מאַכמעס) אַ חוץ דעם, וואָס זי איז אַ שיינע, איז זי אויך אַן ערלעכע און אַ גוטע. זי האָט פיינט שלעכטס צו טאָן עמיצן. זי רייסט אים קיינמאָל ניט ביים ווידעלע, ווי דודל טוט דאָס. זי פאַרפאָרט אים קיינמאָל ניט אין די אויגן, ווי פריידעלע טוט דאָס. מיט איין וואָרט, אַ טייערע נשמה (נעשאָמע), אַ גאָלדן האַרץ.

צעטאַנצט זיך פאַר איר וואָוויק. שטעלט זיך מיט צוויי פאָדערשטע לאַפּ־קעס אין דער הויך און טאַנצט. שמייכלט מימי צום הינטעלע. מיט רויטע בע־קעלעך שמייכלט זי. מיט אַן אָפּן קליין מיילעכל און מיט ווייסע ציינדעלעך שמייכלט זי.

אָנגעטאַנצט זיך, גייט וואָוויק צו איר צו, און טוט זי אַ לעק אין נעזעלע. לאָזט זי זיך אַ לעק טאָן אין נעזעלע און זאָגט גאָרניט.

ווי ס'איז אים גוט וואָוויקן, ווי ס'איז אים וואויל. פון גוטסקייט און פון וואוילקייט ווייסט ער אַזש ניט וואָס צו טאָן, יאָגט זיך איבערן צימער אַהין און צוריק, אַהין און צוריק. קאָטשעט זיך אויף דער ערד, און מאַכט: הי, הי, הי.

אָבער וואָס וואָוויק וויל, אַז זי זאָל אויך אַ פינטל טאָן צו אים מיט די אויגן, ווי זי טוט דאָס צו אַנדערע. ער, וואָוויק, האָט אַזוי ליב צו זען, ווי זי פינטלט מיט די אויגן. זי מאַכט דאָס אַזוי חנעוודיק (כיינעוודיק) . . .

— האַוו, האַוו — טוט ער אַ מאַך צו איר מיט גוטן, וואָס דאָס מיינט צו זאָגן: טו אַ פינטל מיט דיינע אייגעלעך.

אָבער יענע, צי זי פאַרשטייט ניט, וואָס ער זאָגט, צי זי מאַכט זיך בכלל (ביכלאַל) ניט וויסנדיק — זי שווייגט.

— האַוו, האַוו — מאַכט ער שוין, כלומרשט (קלוימערשט) בייז, כדי (קעדיי) זי אַביסל אָנשרעקן.

שרעקט זי זיך ניט הפנים (אַפּאָנעם) און ס'אַרט זי אויך ניט, וואָס וואָוויק האַווקעט אויף איר בייז, נאָר זי שווייגט און שמייכלט צו אים מיט אירע רויטע בעקעלעך.

געפעלט שוין ניט איצט וואָוויקן, וואָס זי שמייכלט צו אים. ס'ווייזט זיך אים שוין אויס, אַז זי לאַכט גאָר פון אים. אַ חוץ דעם איז אים עפּעס געוואָרן אומע־

טיק צו זיין די גאַנצע צייט אין הויז מיט אַ באַשעפעניש, וואָס האַלט אין איין שווייגן. ס׳איז שוין גלייכער צו זיין מיט דער קאַץ. זי מאַכט כאָטש: מיאו.

— האַוו, האַוו — איז ער שוין טאַקע רעכט בייז. און מיט זיין האַווקען מיינט ער צו זאָגן: רייד צו מיר, רייד צו מיר. פונקט ווי דו רעדסט צו פריידעלען.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס הינטעלע ווייסט ניט, אַז אויב איינער וויל, אַז מימי זאָל ריידן, אָדער פינטלען מיט די אויגן, דאַרף מען אַ קוועטש טאָן אַזאַ קנעפּעלע. דאָס קנעפּעלע, וואָס איז פאַרבאַהאַלטן הינטער איר קליידעלע, אויפן רוקן.

— האַוו, האַוו — טוט ער זי אַ שטופּ מיטן קאָפּ, און מימי פאַלט אַראָפּ פון שטול מיט אַ גרויסן קנאַק.

און אַז מימי איז אַראָפּגעפאַלן פון שטול מיט אַ גרויסן קנאַק איז וואָוויקן גלייך קאַלט געוואָרן אין בייכעלע. וויי, וויי, ער האָט דערהרגעט (דערהאַרגעט) מימין. טאַקע אויף אַן אמתן (עמעסן) דערהרגעט. ס׳קעפּל האָט זיך איר אָפּגעבראָכן פון האַלדז, פון דעם וואָס זי איז געפאַלן.

וואָס טוט מען דאָ? און ער טראַכט ניט לאַנג, וואָוויק, און אַנטלויפט פון שטוב. שנעל, שנעל אַנטלויפט ער פון שטוב, און מען זעט אים שוין ניט מער.



# וואָוויק מיינט, אַז ס'איז שוין זיין סוף

קומט שמואליק אַהיים, קומט בירעָ און אויך פריידעלע. מען טוט אַ קוק: אוי, אַ בראָך, אוי, אַ קלאָג. מימי ליגט אַ דערהרגעטע (דערהאַרגעטע), איר קעפּל באַזונדער און דער איבעריקער קערפּער באַזונדער.

צעוויינט זיך פריידעלע. מיט ביטערע טרערן צעוויינט זי זיך. איר מאַמע בירעָ וויל אַזש אויך וויינען.

— אָבער וואו איז וואָוויק? — טוט שמואל אַ פרעג.

ניטאָ וואָוויק. ניט הינטערן בעט. ניט הינטער דער שאַפע. אויך ניט אין וואַש־צימער הינטערן פאָרהאַנג. שטויסט מען זיך שוין אָן, אַז דאָס איז זיין אַרבעט.

— לאָז ער נאָר אַריינפאַלן אין מיינע הענט — איז שמואליק זייער בייז.

דערווייל ווערט שוין שפּעט אין דער נאַכט, און דאָס הינטעלע איז נאָך אַלץ ניטאָ . . . דערווייל גייט אַוועק די נאַכט און ס'קומט דער אינדערפרי און פון לאַבזיקס מעזונעקל איז אַפילו קיין שפּור ניטאָ.

און דאָ גייט אַוועק נאָך און נאָך אַ טאָג, און יענער איז נאָך אַלץ ניטאָ. איז שוין געוואָרן שלעכט. מען האָט זיך שוין אויף אַן אמתן (עמעסן) דערשראָקן, געמיינט, אַז ער איז חס־וחלילה (כאַסוועכאָלילע) אומגעקומען.

אויפן דריטן טאָג, ווי מוליק לאָזט זיך צו דער אַרבעט און איז געוואַלדיק פאַרזאָרגט, זעט ער ווי די אַלטע פייגע־ברײַנע קלאַפּט אין פענצטער און לאַכט צו אים:

— שוין דעם דריטן טאָג — זאָגט די אַלטע פייגע־ברײַנע — אַז אייער וואָ־וויקל ליגט ביי מיר אונטערן בעט און וויל ניט אַרויסקריכן.

פאַרשטייט זיך, אַז מוליק לויפט גלייך צו צום בעט און בויגט זיך אָן. און דאָס הינטעלע, איידער נאָר מען רירט זיך צו צו דעם, און ס'הייבט גלייך אָן צו וואָיען. פאַררוקט זיך ביז צו דער וואַנט, ציטערט מיטן בייכעלע און וויינט אַזוי ביטער. מיט זיין וויינען מיינט ער צו זאָגן:

— איך בין שולדיק, איך בין שולדיק. הרגעט (האַרגעט) מיך, קוילעט מיך, וואַרפט מיך אין ים (יאַם) אַריין.

איז אַז שמואל רעדט צו אים מיט גוטן, זאָגט אים, אַז ער וועט אים ניט אָנרירן, צעוויינט זיך וואָוויק נאָך ביטערער. אוי, אוי, וויל ער זאָגן: מיין לעבן וועט שוין סיי ווי סיי ניט זיין קיין לעבן.

הכלל, מוליק, נאָך אַמאָל מיט גוטע רייד, און וואָוויק קריכט שוין אַרויס פון אונטערן בעט. אָבער ס'איז פון אים געוואָרן אַ האַלבער וואָוויק. דאַר געוואָרן. דאָס ווידעלע עפּעס קלענער געוואָרן. די אויערלעך אַראָפּגעפאַלן. ער פילט זיך אַזוי שולדיק, אַז ס'איז פינצטער פאַר אים דער טאָג. ס'איז שוואַרץ פאַר אים די גאַנצע וועלט.

ערשט ער קומט אַריין אין הויז אַריין, טוט אַ קוק און גלויבט זיך זיינע אייגענע אויגן ניט. מימי זיצט זיך ווי שטענדיק אויף דער שטול, איר קעפּעלע איז ניט אָפּגעבראָכן. אַ גאַנצע זיצט זי זיך און שמייכלט צו אים, אַן ערלעכע און אַ גוטע.

די מעשה (מייסע) איז, וואָס שמואליק האָט צוריק צוגעקלעפּט דאָס קעפּל צום האַלדז מיט אַזאַ קלעפּעכץ, און ס'איז שוין ניט געווען צו דערקאָנען.

ווי דער טאָג איז צוריק געוואָרן ווייס פאַר וואָוויקן, ווי די גאַנצע וועלט איז צוריק געוואָרן ליכטיק פאַרן הינטעלע . . . און ער האָט זיך ווידער צעוויינט, לאַבזיקס מעזונעקל. דאָס מאָל שוין פון פרייד. הי, הי, האָט ער געוויינט, און אַלע אין שטוב האָבן געלאַכט . . .



# וואָוויק בריט ליק אָפּ
# זיין ווייבעלע

און דאָ איז ביינאַכט. אַלע שלאָפן שוין ביי שמואלן אין הויז. שטיל אַזוי. נאָר פון צייט צו צייט דערהערט זיך אַ כראָפּען. דאָס כראָפּעט אַזוי וואָוויק.

ניט שטענדיק כראָפּעט ער אין שלאָף. בלויז ווען ער איז זייער מיד. היינט ביינאַכט איז ער זייער מיד. דודל און פריידעלע האָבן אים אויסגעלערנט צו שפּרינגען איבער אַ שטריק. האָט ער אפשר (עפּשער) גאַנצע צוויי שעה (שאָ) היינט געשפּרונגען איבער אַ שטריק.

דערנאָכדעם איז ער נאָכגעלאָפן די כלי-זמר (קלעזמער). ס'איז היינט געווען אַ פּאַראַד אויף סאַראַטאָגאַ עוועניו און כלי-זמר האָבן געשפּילט. איז ער זיי נאָכגעלאָפן ביז פּיטקין עוועניו.

יאָ, איז ביינאַכט. אַלע שלאָפן שוין ביי מוליקן אין הויז. און ס'איז שטיל, אַזוי שטיל, נאָר ס'הערט זיך וואָוויקס כראָפּען, ווי פּלוצלונג:

— פּ—יי—ע—ר, פּ—יי—ע—ר — שרייט עמיצער אינדרויסן.

פון קעלער איז געקומען דער פייער, וואו דער גרויסער אויוון איז. און איידער וואָס, ווען, ברענען שוין אַלע שטאָק.

— פּ—יי—ע—ר, פּ—יי—ע—ר — שרייט מען שוין פון אַלע פענצטער, און ס'ווערט אַ געלויפעריי.

וואָוויק כאַפּט זיך אויף און וואַרגט זיך שיר ניט. דער רויך איז אים אַריין אין האַלדז אַריין. און דאָ איז עפּעס מאָדנע ליכטיק. שמואליק אין די פּאַדזשאַמעס לויפט מיט פריידעלען אויף די הענט. בירא אין איר נאַכט-העמד לויפט מיט גאָלדען אונטערן אָרעם. לויפט שוין אויך וואָוויק און קאָן נאָך אַלץ נישט כאַפּן דעם אָטעם.

און דאָ אינדרויסן איז אַן איבערקערעניש. מען לויפט פון אַלע גאַסן. מען לויפט און מען שרייט: פּ—יי—ע—ר, פּ—יי—ע—ר.

דאָס גאַנצע הויז פלאַקערט. ס'קנאַקן די ווענט. די פלאַמען טאַנצן אויף דעם דאַך. אַ געדיכטער רויטער רויך יאָגט זיך פון אַלע פענצטער.

דעם פּאַליסמאַנס פיר מיידעלעך: ציפּע, מרים, שרה און לאה, אין די נאַכט־העמדעלעך, וויינען: טאַטע, טאַטע. זלאַטע די הויכע, איינגעוויקלט אין אַ גרינער קאָלדרע, לויפט אום צווישן די מענטשן ווי אַ צעדולטע און שרייט:מיין וויקטאָריאַ, איבערגעלאָזט אויבן. ראַטעוועט מיין וויקטאָריאַ, ווי איז מיר.

דער אַלטער פייגע-ברײנען האָט מען אַרויסגעטראָגן מיטן בעט. זי האָט ניט געקאָנט אַרויסקריכן פון בעט, אַזוי דערשראָקן איז זי געווען . . .

און דאָ קומען אָן די פייער־לעשער. מיט אַ וואַיען קומען זיי אָן. הויכע ברייטע פייער־לעשער, אין די לאַנגע שוואַרצע רעגן־מאַנטלען, אין די גרויסע שפּיציקע קאַפּעליושן. און מען צעוויקלט גלייך אַ לאַנגע, לאַנגע גומענע קישקע און מען הייבט אָן שפּריצן וואַסער אויף דער ברענענדיקער הויז.

— וואָוויק — שרייט מוליק — וואָס טוסטו?!

— וואָוויק — שרייען נאָך מענטשן פון דער גאַס — וואָס טוסטו?

דאָס הינטעלע איז עפּעס ווי משוגע (מעשוגע) געוואָרן. זעט קיינעם ניט. הערט קיינעם ניט, נאָר טוט אַ לויף אַריין אין דער ברענענדיקער טיר און פאַרשווינדט.

— אויס וואָוויק — קרעכצט די אַלטע פייגע-ברײנע — אויס הינטעלע. אַזאַ טייער מעזונעקל, אַזאַ וואויל באַשעפעניש.

מען טוט אַ קוק אינדערהויך אין אַ פענצטער. דאָס הינטעלע שטעקט אַרויס דעם קאָפּ און האַוקעט מיט אַלע כוחות. וואָס ער האַוקעט ווייסט מען ניט. אָבער שמואל וואָס קאָן שוין גוט זיין וואָוויקן, פילט אַז עפּעס איז דאָ ניט גלאַט.

ביים פענצטער שטייט דאָס הינטעלע ניט לאַנג און ווערט גלייך פאַרשוואונדן אין רויטן רויך. ס׳געדויערט ניט קיין סעקונדע, ווי וואָוויק באַווייזט זיך ווידער ביים פענצטער מיט אַ פּיצל קינד. אין מויל צווישן זיינע ציינדלעך האַלט דאָס הינטל ס׳פּיצל קינד, ביים העלדזול.

— אוי, אַ קינד, אַ קינד, ער וועט דאָס נאָך דערוואַרגן — שרייען מענטשן פון דער גאַס. — וועמענס איז דאָס קינד? אוי, אוי, ראַטעוועט, ראַטעוועט!!!

רייסן זיך די פייער־לעשער אַריין אין ברענענדיקן הויז. אָבער וואָוויקן מיטן קינד צווישן די ציינדלעך זעט מען שוין ניט ביים פענצטער. פאַרשוואונדן געוואָרן.

בלייבן אַלע מענטשן אויף דער גאַס אָן אַן אָטעם. מען האַלט פאַרריסן די קעפּ אין דער הויך. אָבער קיין סימן (סימען) ניט פון וואָוויקן מיטן קינד.

מיט אַמאָל, מען טוט אַ קוק. דאָס הינטעלע מיטן קינד באַווייזט זיך אונטן ביי דער טיר. אויף וואָוויקן ברענט שוין דאָס ווײדעלע. און ער גיט זיך מיט אַמאָל אַזוי אַ יאָג אַרויס אינדרויסן און לאָזט ניט אַרויס דאָס פּיצל קינד פון צווישן זיינע ציינדלעך.

— הוראַ, הו־ר־ר־אַ — שרייען אַלע מענטשן, און די פייער־לעשער גיסן וואַסער אויף זיין ברענענדיקן ווײדעלע.

אָבער פלוצלונג ווערט אַ גרויס געלעכטער. אַלע לאַכן. אַפילו די פייער־לעשער לאַכן אויך.

— כאַ, כאַ, אַזאַ וואָוויק, אַזאַ וואָוויק, וואָס זאָגט איר אויף אים?

וואָס איז די מעשה (מייסע)? מען האָט געמיינט, אַז אַ פּיצעלע קינד האָט ער אַרויסגעראַטעוועט, און צום סוף איז דאָס גאָר אַ ליאַלקע, מימי די ליאַלקע.

שפּעטער ווען מען האָט שוין אויסגעלאָשן דאָס פייער, האָט מען ערשט דע־מאָלט געלאַכט. גאַנץ סאַראַטאָגאַ עוועניו האָט געלאַכט.

אינדערפרי זיינען פון גאַנץ ברוקלין געקומען פון די צייטונגען רעפּאָר־טערס און פאָטאָגראַפערס אַראָפּכאַפּן וואָוויקן און מימין.

דערנאָכדעם האָט גאַנץ ברוקלין געלאַכט, און דערנאָכאָעם אויך מאַנהעטן און די בראָנקס. הכלל, גאַנץ ניו־יאָרק האָט געלאַכט. געלייענט די מעשה (מייסע) ווי אויף סאַראַטאָגאַ עוועניו, אַ העלדיש הינטעלע, וואָס מען רופט וואָוויק, האָט איינגעשטעלט זיין לעבן און געראַטעוועט פון פייער די שיינע ליאַלקע מימי.

און וואָוויק אַליין? ער איז אומגעגאַנגען מיט אַ פאַרבאַנדאַזשירט ווידע־לע. דערפאַר אָבער איז ער געווען שטאָלץ. אַזוי שטאָלץ. ער ווייסט שוין, אַז ער האָט דאָ געטאָן אַ גוטע זאַך, אַז ער איז אַ העלד. האָט ער זיך געגרויסט, אי־בערגענומען זיך, און געמיינט, אַז קיין בעסערער פון אים איז שוין ניטאָ אויף דער וועלט . . .



# וואַוויק און די מעשה מיטן שפּיגל

בירא האָט זייער ליב געהאַט אַ שפּיגל. און ניט גלאַט אַזוי אַ קליין שפּיגעלע דאָרטן. זי האָט ליב אַז אַ שפּיגל זאָל זיין אַזוי גרויס פון דעם דיל ביז אין דער סטעליע.

ס׳איז ניט דאָס, וואָס זי האָט שטענדיק ליב צו קוקן אין שפּיגל. דאָס אויך. נאָר זי האָט געטראַכט, אַז אַ גרויסער שפּיגל מאַכט שוין שיין דאָס גאַנצע הויז.

נו, האָט שמואל, איר מאַן, געקויפט אַ גרויסן שפּיגל, אים אַנידערגעשטעלט אין גאַסט-צימער, און ס׳איז טאַקע געווען זייער שיין. איך האָב אייך גאָר פאַרגעסן צו דערציילן, אַז נאָכן פייער האָט שמואליק מיט זיין פאַמיליע זיך איבערגעקליבן אין אַן אַנדער הויז. טאַקע אויף דעמזעלביקן בלאַק אין סאַראַטאָגאַ עוועניו.

וואָוויק האָט נאָך ניט געוואוסט וועגן דעם שפּיגל. געווען צוגאַסט ביי דודלען. שפּעטער אין טאָג קומט דאָס הינטעלע אַהיים. גייט אַריין אין גאַסט־צימער, און דערשרעקט זיך אויף טויט.

וואָס האָט ער זיך אַזוי דערשראָקן? דערזען עפּעס אין שפּיגל אַ פרעמד הינטעלע. אַ גאָלע שוואַרץ הינטעלע, מיט אַ ווייס ווייַדעלע, און מיט אַ ווייס פינטעלע אויפן שטערן די גרויס ווי אַ דאַים.

הייבט אָן וואָוויק צו בורטשען אין זיין בייכעלע. באַווייזט זיינע שאַרפע ציינדלעך און לאָזט זיך אויפן פרעמדן הינטעלע.

נעמט דאָס פרעמדע הינטעלע דאָרטן אין שפּיגל און טוט אויך דאָס זעלבע, הייבט אָן צו בורטשען אין זיין בייכעלע און באַווייזט זיינע שאַרפע ציינדלעך.

הייסט דאָס — טראַכט ביי זיך וואָוויק — אַז דער הונט מיט אויערן דאָרטן האָט ניט מורא פאַר מיר. וועל איך אים ווייזן ווער ס׳איז דער באַלעבאָס דאָ אין שטוב. גיט אַ שפּרונג אין דער הויך און וואַרפט זיך אויפן שונא (סוינע). נעמט יענער, טוט אויך אַ שפּרונג אין דער הויך, און וואַרפט זיך אויך אויף וואָוויקן.

— ס׳איז אַ שפּיגל, טפּשל (טיפּעשל) — רופט זיך אָן שמואליק — דאָס הינ־טעלע דאָרטן אין שפּיגל ביזטו אַליין.

פאַרשטייט ער קיין וואָרט ניט וואָוויק, און באַליידיקט זיך נאָך, וואָס מען רופט אים טפּשל, און אַלץ צוליב דעם פאַרשאָלטענעם, פרעמדן הינטעלע.

מוליק טרייבט אים אַריין אין קיך, אָבער וואָוויק קאָן דאָרטן ניט אײַנזיצן. ס׳ציט אים אין גאַסט־צימער. ער וויל זען צי דאָס פרעמדע הינטעלע איז נאָך דאָרטן דאָ.

גנבעט (גאַנוועט) ער זיך אַריין אַזוי שטיל, שטיל. טוט ער אַ קוק, יענער גנבעט זיך אויך אַזוי שטיל, שטיל.

מאַכט זיך וואָוויק, ווי ער גייט אַוועק. טוט ער אַ קוק, יענער מאַכט זיך אויך, ווי ער גייט אַוועק.

לייגט זיך וואָוויק אויפן דיל און שטרעקט אויס די פאָדערשטע לאַפּקעלעך. נעמט יענער און לייגט זיך אויך אויפן דיל, און שטרעקט אויך אויס די פאָדער־שטע לאַפּקעלעך.

געוואַלד וואָס טוט מען? ער ווייסט באמת (בעעמעס) ניט וואָס צו טאָן. צע־האַווקעט ער זיך, צעהאַווקעט זיך אויך יענער. לויפט ער אים בײַסן מיט די צײנדלעך, לויפט יענער אויך בײַסן מיט די צײנדלעך.

באַפאַלט אַזש וואָוויקן אַ קאַלטער שווייס. עפּעס אַ כשוף (קישעף), צי וואָס?

און דאָ דערווייל טראָגט אים בירהָ אַריין אַ שטיקל לעבער אין אַ בלעכענעם טעלער. און לעבער האָט דאָך וואָוויק זייער ליב, טוט ער זיך גלייך אַ וואָרף אויפן לעבער. ער טוט אַ קוק: יענער פּאַסקודניאַק טוט זיך אויך אַ וואָרף אויפן לעבער.

דאָ האָט שוין וואָוויק זיך דערשראָקן. מורא (מוירע) געהאַט, אַז יענער קאָן טאַקע אויפעסן זיין שטיקל לעבער, האָט ער דאָס גיך אַ כאַפּ געטאָן אין די ציין און אַרויסגעלאָפן מיט דעם אין הויף אַריין. דאָרטן אין הויף איז שוין יענער גנב (גאַנעוו) ניט געווען און ער האָט שוין רואיק געקאָנט מאַכן אַ תכלית (טאַכ־לעס) פונעם לעבער.

אָבער ס׳לאָזט אים ניט רוען וואָוויקן. ס׳ציט אים צוריק אין הויז אַריין. ער וויל זען, וואָס ס׳טוט זיך דאָרטן אין שטוב. אפשר (עפשער) איז שוין יענער אַוועקגעגאַנגען.



ער קומט אַריין אין הויז אַריין — דער גנב (גאַנעוו) איז נאָך ניט אַוועקגעגאַנגען. נאָך אַלץ דאָ. שטייט וואָוויק מיט אַ פּאַרריסן ווײדעלע און קוקט אויף יענעם. שטייט יענער דאָרטן אויך מיט אַ פּאַרריסן ווײדעלע און קוקט אויף וואָוויקן. אַזוי אַ שטיק צייט, ווי — פּלוצלונג, דער שוואַרצער קאָטער מיט די געלע אויגן האָט זיך אַרײַנגעגנבעט אין צימער. אַבראַמטשיק האָט מען גערופן דעם שוואַרצן קאָטער אויף סאַראַטאָגאַ עוועניו. אַבראַמטשיק און וואָוויק זײַנען זיך די בלוטיקסטע שונאים (סאָנים). ווען מען באַגעגנט זיך, שלאָגט מען זיך ביז טויט. נו, נו, איז איצט געוואָרן אַ גרויסע מלחמה (מילכאָמע). וואָוויק האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן שוואַרצן יונגערמאַנטשיק מיט אַזאַ כעס, אַזש צו דערהרגענען (דערהאַרגענען) יענעם. ער טוט אָבער אַ קוק, דאָס פרעמדע הינטעלע האָט זיך אויך אַ וואָרף געטאָן אויפן קאָטער מיט אַזאַ כעס ,אַזש צו דערהרגענען יענעם. איז דאָס וואָוויקן זייער געפעלן געוואָרן. ס׳איז שוין אויסגעקומען, אַז יענער גאָר איז אַ גוטער חבר (כאַווער) און העלפט אים אַרויס אין אַ צרה (צאָרע).

הכלל, וואָוויק מיט פאַראייניקטע כוחות (קויכעס) האָט שוין געפירט די מלחמה (מילכאָמע) מיטן קאָטער אַזוי לאַנג, ביז מען האָט אים פאַרטריבן פון הויז.

— האַוו, האַוו — לויפט וואָוויק צו צום שפּיגל און האַווקעט מיט גוטן. דאָס האָט ער געמיינט צו זאָגן: אַ דאַנק חבר (כאַווער) און פריינט, וואָס דו האָסט מיר געהאָלפן באַזיגן דעם שונא (סוינע).

— האַוו, האַוו — לויפט יענער אין שפּיגל אויך צו און האַווקעט מיט גוטן, און מיינט צו זאָגן כמעט (קימאַט) דאָס זעלבע.

און פון דעמאָלט אָן איז שוין וואָוויק מיט יענעם הינטעלע אין שפּיגל געוואָרן גרויסע גוטע פריינט. און יענער אין שפּיגל איז טאַקע באמת (בעמעס) געווען זייער אַ גוטער פריינט וואָוויקן. אַז וואָוויק איז געווען פריילעך, איז יענער אויך געווען פריילעך. אַז וואָוויקן איז געווען אומעטיק, איז יענעם אויך געווען אומעטיק. אַז וואָוויק איז געווען קראַנק און געמוזט ליגן אין אויסגעבעטן קעסטל, איז יענער אויך געווען קראַנק און געלעגן אין אויסגעבעטן קעסטל.

אַזאַ איבערגעגעבענעם און געטרייען חבר, האָט וואָוויק אויף זיין לעבן ניט



געזען. די איינציקע זאַך, וואָס ער האָט אים קיינמאָל ניט געקאָנט אָנרירן, קיינ־מאָל ניט געקאָנט אים אַ שמעק טאָן, אָדער אַ לעק טאָן. אַזוי שטאַרק געבענקט אַ שמעק טאָן און אַ לעק טאָן זיין גוטן חבר (כאַווער), אַז ס׳חיות (ס׳כאַיעס) איז אים אַזש אויסגעגאַנגען.

איינמאָל אין שלאָף האָט זיך וואָוויקן געחלומט (געכאָלעמט), אַז דאָס הינ־טעלע איז אַרויסגעגאַנגען פון שפּיגל און זיך געזעצט לעבן אים, האָט אים וואָ־וויק אַ לעק געטאָן, און יענער האָט אים צוריק אַ לעק געטאָן. דערנאָכדעם זיי־נען זיי ביידע אַרויסגעלאָפן אינדרויסן און זיך געיאָגט איינער נאָכן אַנדערן, און זיך געביסן איינער דעם אַנדערן אין די ווידעלעך.

אַזוי האָבן זיי זיך געשפּילט און געשפּילט און וואָוויק איז געווען אַזוי גליק־לעך. אָבער ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט און דערזען דעם חבר זיינעם צוריק אַ פאַרשפּאַרטן אין שפּיגל, האָט אים אַזוי באַנג געטאָן. אַי, ווען וואָוויק קאָן עפּעס טאָן אַזאַ זאַך און אים אַרויסנעמען פון דאָרטן. אים אַרויספירן אינדרויסן, און אים ווייזן דעם שיינעם ליכטיקן אינדרויסן.

אַי, אַי, ער קאָן עפּעס ניט פאַרשטיין דאָס לעבן. ווען ער טרעפט כאָטש אַמאָל אָן אַ הונט אַ גרויסן חכם (כאָכעם), וואָס זאָל אים געבן צו פאַרשטיין דאָס לעבן. האָט ער נאָך אַזאַ הונט אַ גרויסן חכם ניט באַגעגנט, און קיינער קאָן אים שוין ניט פאַרענטפערן די מעשה מיט זיין חבר, וואָס קאָן שוין קיינמאָל נישט אַרויסגיין פון שפּיגל . . .



# וואָוויק לויפט אַלעמאָל
# קיין פלעטבוש

אַז ס׳איז ניטאָ קיין מזל (מאַזל) — גיי שריי חי וקים (כאַי וועקאָיעם). עפּעס ווי יעדער איינער וואָלט זיך אָנגערעדט מען זאָל אים שלעכטס טאָן. וואָס וואָלט מענטשן געאַרט, וואָס ער, וואָוויק, האָט זיך אַזאַ געטרייען חבר. ניין, דאַרף מען קומען און אים צונעמען.

ס׳איז געווען אַזוי:

דער גרויסער שפּיגל, וואָס שמואליק האָט געקויפט פאַר בּיראָן איז געווען אויף אויסצוצאָלן. איר ווייסט דאָך, ווי אַזוי מען טוט דאָס? דער ניט־רייכער מענטש קומט אין קראָם און זאָגט:

— איך וויל בּיי אייך קויפן אַ שפּיגל.

— מיטן גרעסטן פאַרגעניגן — מאַכט דער קרעמער — פופציק דאָלער קאָסט דאָס.

— פופציק דאָלער האָב איך ניט — זאָגט דער ניט־רייכער קונה (קוינע) — גיט מיר אויף אויסצוצאָלן.

— מהיכאָ תיתא (מעכעטעיסע) — זאָגט דער קרעמער — צאָל מיר אויס איין דאָלער אַ וואָך. דערפאַר אָבער וועט דיך שוין דער שפּיגל קאָסטן דריי און פופציק דאָלער. דריי דאָלער פאַר פּראָצענט.

— גוט — מאַכט יענער — זאָל זיין דריי און פופציק דאָלער. אַבּי אויף אויסצוצאָלן.

איז אַז ווען ס׳איז געווען אַרבּעט אין שאַפּ האָט ער זיך נישט געזאָרגט שמואליק. איז אָבּער געקומען אַ צייט, ווען ער האָט זיך יאָ אָנגעהויבּן צו זאָרגן, שמואליק. סלעק-צייט רופט מען דאָס. ניטאָ קיין אַרבּעט און מען פאַרדינט ניט. און אַז מען פאַרדינט ניט, קאָן מען שוין ניט צאָלן יעדע וואָך פאַרן שפּיגל.

איז געקומען דער קרעמער מיט צוויי שטאַרקע מענער און אים אַרויסגע־נומען. מאָלט אייך, אַז אַזוי לייכט איז ניט אָנגעקומען דעם קרעמער מיט די



צוויי שטאַרקע מענער אים אַרויסצונעמען. וואָוויק האָט געמאַכט אַזוינע געוואַלדן, אַקוראַט ווי די וועלט קערט זיך איבער. געשפּרונגען אין דער לופטן, געביסן אין די פּיס און אין די הענט. מען האָט אים געמוזט פֿאַרשליסן אין צווייטן אַלקער.

דערנאָכדעם, אָבער, ווען מען האָט אים אַרויסגעלאָזט פֿון אַלקער און ער האָט דערזען זיין גרויסן בראָך, האָט ער געוויינט ווי אַ קליין קינד. ווײ, האָט ער געוויינט. זיך גאָרניט געקאָנט טרייסטן.

ניטאָ מערער זיין חבר (כאַווער) און די זון שיינט שוין ניט פֿאַר אים. וואָס וועט ער טאָן, וואָוויק? ווי אַזוי וועט ער שוין קאָנען לעבן אויף דער וועלט.

אָבער מען לעבט. איר זעט דאָך. אַוועק אַזוי אַ חודש (כוידעש) און וואָוויק לעבט. אמת (עמעס) טאַקע, ווען ער קומט אַריין אין צימער, וואו דער גרויסער שפּיגל איז געשטאַנען, ווערט אים אַ לאָך אין האַרצן. אָבער דאָס לעבן גייט אָן.

איינמאָל אין אַ שבת (שאַבעס) בייטאָג רופֿט זיך אָן בירא צו שמואליקן:

— לאָמיר פֿאָרן קיין פֿלעטבוש, געוואוירע ווערן, וואָס מיין חברטע (כאַווערטע) שיינדל מאַכט.

— לאָמיר — ענטפֿערט שמואליק.

נו, נעמט מען פֿריידלען, נעמט מען וואָוויקן, און מען לאָזט זיך פֿאָרן קיין פֿלעטבוש. אויף אַ געלן טראַמוויי לאָזט מען זיך פֿאָרן. ס'געדויערט אַזוי אַרום אַ האַלבע שעה (שאָ) מיטן טראַמוויי, ביז מען קומט אָן קיין פֿלעטבוש.

האָט זיך די חברטע (כאַווערטע) שיינדל זייער שטאַרק דערפֿרייט מיט ביראָן, און אויך מיט איר מאַן שמואליקן, און אויך מיט איר טעכטערל פֿריידעלען, און אויך מיט איר הינטעלע וואָוויקן.

שיינדל האָט זיי אַלעמען אַריינגענומען אין גאַסט-צימער. אַ שיינער גאַסט-צימער דאָרטן מיט בלויע ווענט, מיט אַ גרינעם טעפּיך (קאַרפּעט), מיט אַ ברוינעם טיש, און מיט געלע בענקלעך.

מען איז געזעסן ביים ברוינעם טיש, גערעדט צווישן זיך, געקנאַקט ניסלעך און פֿאַרטרונקען מיט וויין.

וואָוויק, אַז ער קומט דאָס ערשטע מאָל אין אַ פֿרעמד הויז, שעמט ער זיך אַביסל. האָט ער זיך דאָ אויך געשעמט: ניט אַרומגעלאָפֿן איבערן הויז, ניט געהאַוקעט, נאָר געלעגן לעבן שמואליקס פֿיס און געקוקט.



שפּעטער אַבּיסל איז אים נמאס (נימעס) געוואָרן צו קוקן, און ער איז זיך מישב (מעיאַשעוו), און טוט זיך אַ שפּאַציר דורך איבּערן הויז. זאָל ער זען, ווי־אַזוי ס׳קוקט אויס שיינדלס הויז.

גייט ער אַריין אין קיך — טוט אַ קוק, טוט אַ שמעק און — גאָרניט. אַ קיך, ווי אַלע קיכן.

גייט ער אַריין אין וואַש־צימער — טוט אַ קוק, טוט אַ שמעק און — גאָרניט. אַ וואַש־צימער, ווי אַלע וואַש־צימערן.

גייט ער אָבּער אַריין אין שלאָף־צימער — ווייַ, וויי, דאָס האַרץ איז אים שיר ניט אַרויסגעשפּרונגען פון פרייד. ער האָט דאָך דערזען זיין חבר (כאַווער). דעם פאַרלוירענעם חבר זיינעם האָט ער דערזען.

דער פאַרלוירענער חבר זיינער דאָרטן אין גרויסן שפּיגל האָט זיך אויך שטאַרק דערפרייט. און בּיידע זיינען געשפּרונגען איינער קעגן אַנדערן. און בּיידע האָבּן זיך געוואָלט קושן, און זיך ניט געקאָנט קושן. און בּיידע האָבּן געוויינט פון פאַרגעניגן. פאַרקנייטשט די אייגלעך, אַרויסגעשטעלט די צינגלעך און געוויינט.

ער האָט זיך שוין גוט אָנגעשפּילט וואָוויק דאָרטן מיט אים. בּאַוויזן פאַרן חבר אַלע זיינע שטיקעלעך און קונצעלעך, און יענער דער חבר, האָט בּאַוויזן פאַר וואָוויקן אויך אַלע זיינע שטיקעלעך און קונצעלעך. און זיי בּיידע איז שוין געווען אמת (עמעס) פריילעך.

אָבּער ניט לאַנג האָט געדויערט זייער פרייד. מען דאַרף זיך צעשיידן. שמואליק, בּירא און פריידעלע לאָזן זיך שוין אַהיים. מוז שוין אויך וואָוויק, נעבעך, גיין אַהיים.

און דאָ אין דער היים, און ער קאָן זיך קיין אָרט ניט געפינען. עסט ער — פילט ער ניט קיין טעם (טאַם) אין עסן. שלאָפט ער — פילט ער ניט קיין טעם אין שלאָפן. וואָס ער טוט און ס׳איז ניט דאָס.

איז ער זיך מישב (מעיאַשעוו) וואָוויק, איינמאָל אין אַ מיטוואָך בּייטאָג, און לאָזט זיך אַוועק קיין פלעטבּוש צופוס. דאַרף איך אייך שוין ניט דערציילן, ווי דאָס האַרץ האָט אים געציטערט.

אָבּער ווי אַזוי האָט ער געטראָפן דעם וועג צו שיינדלס הויז איז געווען אַ וואונדער. וואָוויק אַליין האָט זיך אויך געוואונדערט.

שיינדל האָט אים, פאַרשטייט זיך, אַריינגעלאָזט אין הויז. ס׳איז דאָך איר חברטע (כאַווערטע) בּיראָס הינטעלע. פאַרוואָס זאָל זי אים ניט אַריינלאָזן אין הויז?

זעט זי, ווי דאָס הינטעלע לאָזט זיך גלייך אין שלאָף־צימער, און ווי ער האָווקעט פריילעך אַנטקעגן שפּיגל, און ווי ער שפּרינגט און דרייט זיך און קאָטשעט זיך איבּערן טעפּיך.

איז ער געקומען פון אַזוי ווייט זיך שפּילן מיטן שפּיגל? וואונדערט זיך שיינדל און לאַכט. זי האָט דערציילט וועגן דעם די שכנות (שכיינעס) פון איר הויז, און יענע האָבּן אויך געלאַכט.

שפּעטער מיט אַ פּאָר טעג איז וואָוויק ווידער געקומען, און געהאַלטן דער־נאָכדעם אין איין קומען, און קומען. האָט שוין גאַנץ פלעטבּוש געלאַכט. אַזוי געלאַכט, אַז מען האָט זיך אַזש געהאַלטן בּיי די זייטן פון געלעכטער.

אַרט שוין ניט וואָוויקן וואָס מען לאַכט פון אים. וואָס ווייסן דען די מענטשן ווי שטאַרק ער בּענקט נאָכן חבר, וואָס זיצט פאַרשפּאַרט אין שיינדלס שפּיגל? וואָס ווייסן דען די מענטשן וואָס פאַר אַ געטרייער חבר יענער איז? ווי שטאַרק ער דערפרייט זיך מיט אים, מיט וואָוויקן. ווי ער לויפט זיך גלייך קושן, אַרומ־נעמען, און זיך לעקן. זאָל מען לאַכן, זאָל מען . . .



# וואָוויק און די ראַדיאָ

שמואליק האָט איינמאָל געבראַכט אין הויז אַזאַ שיין ברוין קעסטעלע מיט דראָטן צוגעטשעפּעט צו דעם, און מיט אַזאַ זילבערנעם ציפער־בלאַט פונ־פאָרנט.

— ס'איז אַ ראַדיאָ, וואָוויק — מאַכט צו אים בירהָ און פרייט זיך שטאַרק.

פּאָכעט וואָוויק מיטן ווידעלע, און פּינטלט מיט די אייגעלעך. אַז וואָוויק פאַרשטייט ניט וואָס מען רעדט צו אים, און וויל זיך מאַכן, אַז ער פאַרשטייט יאָ, פּאָכעט ער מיטן ווידעלע און פּינטלט מיט די אייגעלעך.

ווייל וואָס ווייסט ער וואָס אַ ראַדיאָ איז? אַ קעסטעלע, ווי אַלע קעסטעלעך. אָבער אַז שמואליק פרייט זיך, בירהָ פרייט זיך, פריידעלע פרייט זיך, פרייט זיך שוין אויך וואָוויק.

די מעשה (מייסע) איז, וואָס בירהָ האָט שוין לאַנג געוואָלט האָבן אַ ראַדיאָ אין הויז. און דאָ איז שוין אָנגעקומען אַ סך אַרבעט אין שאַפּ, און שמואליק האָט שוין פאַרדינט געלט, האָט ער געקויפט אַ ראַדיאָ בירהָן צו איר געבורטסטאָג. האָט בירהָ אַ קוש געטאָן איר מאַן שמואליקן דערפאַר, אַ קוש געטאָן איר טעכ־טערל פריידעלען, אַ קוש געטאָן אויך איר הינטעלע וואָוויק.

געפעלט וואָוויקן, וואָס מען קושט אים, און ער מאַכט פון פרייד: הי, הי, הי. צעלאַכן זיך שמואליק, בירהָ און פריידעלע. מחמת (מאַכמעס) ס'הינטעלע קוקט אויס זייער נאַריש ווען ס'מאַכט: הי, הי, הי. ציט זיך בשעת־מעשה (בעשאַס־מייסע) אויס אויפן דיל, שטרעקט אויס דאָס העלדזל, פּאַטשט מיטן ווידעלע איבערן קאַרפּעט, גראַבלט מיט די פיסעלעך, פאַרמאַכט די אייגעלעך, און לאָזט אַרויס קליינע קוויטשעקלעך. קוויטשעקלעך פון פאַרגעניגן.

דערווייל נעמט זיך שמואליק איינריכטן די ראַדיאָ. אויסגעזוכט אַ גוט אָרט פאַר איר. אויפן קליינעם טישעלע, וואָס שטייט אין ווינקל. דערנאָכדעם האָט ער גענומען די דראָטן, זיי אַיינגעשטעלט אין דעם סאַקעט, וואָס שטעקט אין דער

וואַנט. דערנאָכדעם האָט ער אַ דריי געטאָן אַ שרייפּעלע אין קעסטעלע, האָט זיך אָנגעצונדן דער גאַנצער ציפּער־בלאַט. דערנאָכדעם האָט גערויערט אַבּיסעל און פּלוצלונג . . . וואָוויק ווערט בייז. בורטשעט מיטן בייכעלע. שאַרפּט די ציינדלעך און איז גרייט צו בייסן. דאָס האָט אָנגעהויבן אַרויסצוקומען אַ פרעמד קול פון דער ראַדיאָ. אַ קול פון אַ מאַן.

לאַכט שמואליק. לאַכט בּיראָ. לאַכט פריידעלע. זעט וואָוויק, אַז מען לאַכט, פאַרשטייט ער שוין, אַז ער האָט זיך דאָ געמאַכט צום נאַרן. שטייט ער און קוקט מיט גרויסע אויגן און הייבּט דאָ ניט אָן צו פאַרשטיין: וואָס טוט זיך דאָ? אַ פרעמדער מענטש רעדט און קיינעם אַרט גאָרניט. און וואו איז, ער, דער פרעמדער מענטש? וואו ערגעץ געפינט ער זיך? און פאַרוואָס שמעקט ניט דער פרעמדער מענטש?

עפּעס איז דאָ ניט גלאַט טראַכט וואָוויק בּיי זיך. טרעט אָפּ עטלעכע שפּאַן אויף צוריק פון אָט דעם משוגענעם קעסטעלע מיטן ליכטיקן ציפּער־בּלאַט. בּלייבּט שטיין פונדערווייטנס און האַלט דאָס קעפּל אָן אַ זייט.

פּלוצלונג הערט אויף דאָס פרעמד קול צו ריידן אין קעסטעלע און מוזיק הייבּט אָן צו שפּילן. און מוזיק איז אַזאַ זאַך, וואָס דאָס הינטעלע קאָן גאָרנישט פאַרשטיין. עפּעס הייבּט אים גלייך אָן ווי צו טאָן אין בּייכעלע, ווען ער הערט מוזיק. פאַררייסט ער דאָס קעפּל צו דער סטעליע און וואָיעט. אַזוי רחמנותדיק (ראַכמאָנעסדיק) וואָיעט ער.

— ס׳איז בּעטהאָוון, וואָוויקל — מאַכט צו אים בּיראָ מיט גוטן — די ניינטע סימפאָניע פון בּעטהאָוון.

וואָס ווייסט דאָס הינטעלע ווער בּעטהאָוון איז? און וואָס ווייסט ער וואָס די ניינטע סימפאָניע מיינט? ער ווייסט נאָר, ווי עפּעס קליינטשיקע שפּילקעלעך וואָלטן געלאָפן איבּער זיין הויט, און ס׳שטעכט.

זעט מען, ווי ער וואָיעט נאָך אַלץ, נעמט שמואליק און שיקט אים אַרויס פון צימער, הייסט אים פאַרבּלייבּן אין קיך און זאָל ער נישט שטערן, ווען ס׳שפּילט אַזאַ שיינע מוזיק פון בּעטהאָוון.

פאַרשטופּט זיך וואָוויק אין ווינקעלע לעבּן אייז־קאַסטן. פאַרמאַכט די אייגעלעך, ליגט דאָרט און מאַכט זיך כלומרשט (קלוימערשט), אַז ער הערט ניט די מוזיק. אָבּער ער הערט יאָ, און ס׳איז אים זייער ניט גוט. אַז ער קאָן ניט פאַרליידן קיין מוזיק. קיין שום מוזיק.

שפּעטער אַבּיסל הערט אויף די מוזיק און אַ פרעמד קול הייבּט אָן ווידער צו ריידן. טראַכט זיך ס׳הינטעלע, ס׳איז שוין גוט, וואָס אַ פרעמד קול רעדט, אַבּי די מוזיק האָט אויפגעהערט.

פּלוצלונג אָבּער — ער שפּרינגט אויף מיט גרויס דערשרעק. עמיצער שרייט דאָרטן בּייז. זייער בּייז. אַ סך מענטשן שרייען בּייז. אַקוראַט ווי מען וויל עמיצן שלעכטס טאָן אַזוי שרייט מען דאָרטן. אפשר וויל מען דאָרטן שלעכטס טאָן

שמואליקן, ביראָן און פריידעלען? ניין, ער וועט ניט דערלאָזן. לויפט ער אַריין אין צווייטן צימער ראַטעווען זיינע פריינט, ווי ער טוט אַ קוק — זיי לאַכן גאָר. אַלע דריי לאַכן: סאַי שמואליק, סאַי ביראָ, סאַי פריידעלע.

וויל שוין וואָוויק זיך באַרויקן, ווי פּלוצלונג מען שיסט — באַנג, קנאַק, טראַך, און מען שרייט: געוואַלד, געוואַלד.

דאָ האָט זיך אין דער ראַדיאָ אָפּגעשפּילט אַ מעשה צווישן רויבער און דע־טעקטיוס און מען האָט געשאָסן איינער אויפן אַנדערן.

אָבער וואָס ווייסט וואָוויק? ער ווייסט שוין גאָרניט, אַזוי איז ער דערשראָקן. ער האָט שוין גאָרניט געוואוסט וואָס ס׳טוט זיך מיט אים. אָנגעהויבן צו שפּרינ־גען אין דער לופטן. דערנאָכדעם זיך געדרייט אַרום און אַרום, גיך, גיך, און זיי־נע אויגן זיינען איבערגעקערט פון פּחד (פּאַכעד).

— פּאַרדריי — שרייט ביראָ — זעסט ניט, ווי וואָוויק עקט זיך.

פּאַרדרייט שמואליק אינגיכן די ראַדיאָ. אָבער דאָס הינטעלע קאָן נאָך ניט קומען צו זיך. ציטערט מיטן בייכעלע און וויינט.

— נו, שאַ, שאַ, וואָוויקל — גלעט אים ביראָ — מיר וועלן שוין ניט מערער שפּילן אויף דער ראַדיאָ וועגן רויבער און דעטעקטיווס.

מען האָט שוין טאַקע ניט געשפּילט מערער אויף דער ראַדיאָ וועגן רויבער און דעטעקטיווס. אָבער וואָוויק האָט די ערשטע צייט סאַי ווי סאַי מורא (מוירע) געהאַט פאַר אַט דעם דאָזיקן קעסטעלע. אַפילו ווען ס׳האָט געשוויגן.

שפּעטער אָבער האָט ער זיך צוגעוווינט צו דעם. ביסלעכווייז זיך צוגעוווינט. דערנאָכדעם איז ער אינגאַנצן געוואָרן אַ פּאַרקאָכטער. מען האָט אים שוין גאָרניט געקאָנט אָפּרייסן פון דער ראַדיאָ. געלעגן לעבן איר שעהן און שעהן, (שאָען) און רק (ראַק) זיך צוגעהערט, און רק הנאה (האנאָע) געהאַט . . .



# מען מיינט, אַז וואָוויק איז זייער אַ גרויסער חכם

ווי אַזוי האָט וואָוויק געוואוסט, אַז בּיראָ גייט אויף סוטער עוועניו, האָט מען גאָרניט געקאָנט פאַרשטיין. אָבער שטענדיק ווען בּיראָ האָט זיך געלאָזט אויף סוטער עוועניו אײַנקויפן זאַכן צום עסן, ווי ס׳הינטעלע — גלײַך נאָך איר.

האָט בּיראָ געדאַרפט גיין ניט אויף סוטער עוועניו, נאָר גאָר אויף פּיטקין עוועניו קויפן שך, אָדער קליידער, איז וואָוויק ניט נאָכגעגאַנגען. ס׳האָט אים ניט אינטערעסירט.

האָט בּיראָ געדאַרפט גיין אין דער לײַבּרערי (בּיבּליאָטעק) נעמען אַ בּוך, איז וואָוויק אויך ניט נאָכגעגאַנגען. ס׳האָט אים אויך ניט אינטערעסירט.

מען האָט דאָס איינמאָל איבּערגערעדט ווען בּערל דער אָפּערעיטאָר, מאַלי, רבקה און האַימי דער געלער, זײַנען געווען צו גאַסט בּיי שמואליקן. אַלע האָבּן זיך געוואונדערט, וואָס וואָוויק טרעפט שטענדיק, ווען בּיראָ דאַרף גיין אויף סוטער עוועניו. די מאַמע מאַלי האָט זיך אָבער ניט געוואונדערט. זי האָט געזאָגט, אַז ס׳איז מסתמא (מיסטאָמע) דערפֿאַר, וואָס בּיראָ נעמט מיט דעם קאָשיק, ווען זי גייט אויף סוטער עוועניו, ווייסט שוין וואָוויק וואָס ס׳מיינט.

האָט בּיראָ דעם צווייטן פרימאָרגן אוממיסטנע ניט מיטגענומען דעם קאָשיק, ווען זי איז געגאַנגען אויף סוטער עוועניו. זי טוט אַ קוק — אונדזער פּאַרשוין, וואָוויק, לאָזט זיך גלײַך נאָך איר.

האָט בּיראָ שפּעטער אָפּגערופן איר שוויגער מאַלין אויפן טעלעפאָן, און איר דערציילט די מעשה (מייסע). האָט די שוויגער געענטפערט:

— ס׳איז מסתמא (מיסטאָמע) דערפֿאַר, וואָס איידער דו גייסט אויף סוטער עוועניו, עפנסטו דעם אייז־קאַסטן און טוסט אַ קוק אינעווייניק. צי דו עפנסט די שאַפּקעלעך און טוסט אויך אַ קוק אינעווייניק. דאָס ווילסטו אוודאי וויסן, וואָס פאַר אַ זאַכן ס׳פעלן דיר אויס, כּדי דו זאָלסט וויסן וואָס אײַנצוקויפן. זעט דאָס וואָוויק אַלצדינג צו, און ער ווייסט שוין.

— אמת, אמת (עמעס) — ענטפערט בּיראָ — איך טו טאַקע אַזוי, איידער איך גיי איינקויפן.

האָט בּיראָ דעם צווייטן פרימאָרגן אוממיסטנע ניט אויפגעעפנט דעם אייז־קאַסטן, אוממיסטנע ניט אויפגעעפנט די שאַפּקעלעך, אוממיסטן ניט מיטגענו־מען דעם קאַשיק. זי טוט אַ קוק — דער פיינער בּחור (בּאָכער) גייט איר נאָך.

האָט זי ווידער אָפּגערופן דער שוויגער אויפן טעלעפאָן, האָט איר יענע גע־ענטפערט:

— מסתמא (מיסטאָמע) טוסטו ניט אָן דיין נייעם מאַנטל, ווען דו גייסט אויף סוטער עוועניו. מסתמא טוסטו אָן דיין אַלטן מאַנטל.

— אמת, אמת (עמעס) — ענטפערט בּיראָ — איך טו טאַקע ניט אָן דעם נייעם נאָר דעם אַלטן מאַנטל.

אויפן צווייטן פרימאָרגן נעמט בּיראָ און עפנט ניט דעם אייז־קאַסטן, און עפנט אויך ניט די שאַפּקעלעך, און נעמט אויך ניט מיט דעם קאַשיק, און טוט ניט אָן דעם אַלטן מאַנטל, נאָר דעם נייעם, לאָזט זיך אויף סוטער עוועניו, ווי דער חברה־מאַן (כעווריעמאַן) גלייך נאָך איר.

פאַרשטייט שוין ניט בּיראָ, פאַרשטייט שוין ניט שמואליק, פאַרשטייט שוין ניט פריידעלע, און אויך ניט מאַלי, ניט בּערל, ניט האַימי דער געלער און נישט רבקה. מען מיינט אַז וואָוויק איז אַזאַ חכם (כאָכעם), וואָס קיין צווייטער צו אים איז שוין ניטאָ אויף דער וועלט.

— אָבער פונדעסטוועגן — זאָגט בּערל דער אָפּערעיטאָר — עפּעס אַ סימן (סימען) האָט שוין דאָס וואָוויקל. אפשר (עפשער) דערפאַר, ווען דו גייסט אויף סוטער עוועניו, גייסטו בּלויז אום פרימאָרגן.

— אמת, אמת — ענטפערט בּיראָ — איך גיי טאַקע בּלויז אום פרימאָרגן.

נעמט בּיראָ און גייט שוין ניט אום פרימאָרגן, נאָר זי וואַרט בּיז ס׳קומט דער בּייטאָג. לאָזט זיך אַרויס אויף דער גאַס — ווי דער תכשיט (טאַכשעט) גלייך נאָך איר.

איז שוין די גאַנצע משפחה (מישפּאָכע) געוואַלדיק פאַרחידושט (פאַרכי־עדשט). מען קאָן דאָס גאָרניט פאַרשטייען. מען מיינט, אַז דאָס דאָזיקע הינטל איז עפּעס אַ זשעני, אַ גאון (גאָען).

איינמאָל, ווען בּערל דער אָפּערעיטאָר האָט ניט געאַרבּעט. ס׳איז ניט גע־ווען קיין אַרבּעט בּיי אים אין שאַפּ, איז ער זיך אַבּיסל דורכגעפאָרן קיין בּרוקלין אויף סאַראַטאָגאַ עוועניו. געקומען אין הויז אַריין, געזאָגט: העלאָ צו זיין שנור בּיראָן, געזאָגט העלאָ צו זיין אייניקל פריידעלען, געזאָגט העלאָ אויך צו וואָ־וויקן. (שמואליק איז ניט געווען אינדערהיים, געווען בּיי דער אַרבּעט.) זיך אַני־דערגעזעצט שמועסן אַבּיסל מיט זיין שנור בּיראָן, און זיך שפּילן מיט זיין אייני־קעל פריידעלען. בּיי בּערלען אין די אויגן איז קיין שענערע שנור, ווי בּיראָ, און קיין בּעסער אייניקל, ווי פריידעלע, גאָרניטאָ אויף דער וועלט.

שפּעטער איז אויך שמואליק אָנגעקומען. און פֿאַרשטייט זיך זייער דער־פרייט מיט זיין טאַטן בערל.

דערווייל האָט בירהאָ געדאַרפֿט גיין אין לייבּרערי (ביבליאָטעק) אַרויסנעמען אַ בוך צום לייענען. רופֿט זי זיך אָן צו איר שווער:

— איר וועט מיר מוחל (מויכל) זיין, איך דאַרף גיין אין דער ביבליאָטעק אַרויסנעמען אַ נייעם בוך צום לייענען.

— אוודאי (אַוואַדע) וועל איך דיר מוחל זיין — רופֿט זיך אָן בערל און איז בייז, ווי זיין שטייגער איז — פֿאַרוואָס זאָלן מיר דיר ניט מוחל זיין.

טוט אָן בירהאָ איר נייעם מאַנטל. נעמט אַרויס פֿון שופֿלאָד איר חתונה־ (כאַ־סענע) רינג. טוט דאָס אַרויף אויף איר ווייז־פֿינגער און לאָזט זיך אַרויסגיין.

בערל דער אָפּערעיטאָר קוקט אויף וואָוויקן צו זען, וואָס יענער טוט. יע־נער ליגט זיך מיטן פּנים אויף די פֿאָדערשטע לאַפּעס, קוקט זיך אויך צו, וואָס בירהאָ טוט, און רירט זיך ניט פֿון אָרט, ווען יענע פֿאַרלאָזט דאָס הויז. אַז בירהאָ גייט ניט אויף סוטער עוועניו, נאָר אין דער לייבּרערי, וואָס זשע אַרט דאָס אים?

שפּעטער ווען בירהאָ איז געקומען צוריק פֿון דער לייבּרערי, פֿרעגט זי בערל אַזאַ פֿראַגע:

— זאָג מיר נאָר שנור־לעבּן — ווען דו גייסט אויף סוטער עוועניו איינ־קויפֿן זאַכן צום עסן, טוסטו אויך אָן אויף דיין פֿינגער דעם חתונה־ (כאַסענע) רינג?

— ניין — ענטפֿערט בירהאָ — ווען איך גיי אויף סוטער עוועניו איינקויפֿן זאַכן צום עסן, טו איך ניט אויף מיין פֿינגער דעם חתונה־רינג. בלויז ווען איך גיי אויף פּיטקין עוועניו, אָדער אין דער לייבּרערי, אָדער ווען איך פֿאָר צו גאַסט, אָדער ווען איך לאָז זיך מיט שמואליקן אין טעאַטער, דעמאָלט טו איך אָן אויף מיין פֿינגער דעם חתונה־רינג.

— אָט דאָס איז דאָס — רופֿט אויס בערל און טוט זיך אַ שטעל אויף פֿון בענקל — דער חתונה־רינג, דאָס איז שוין דער סימן (סימען) ביי וואָוויקן.

— ס׳קאָן ניט זיין! — שרייט אויס בירהאָ.

— ס׳קאָן שוין יאָ זיין — ענטפֿערט אָפּ בערל.

— אפֿשר זענט איר גערעכט — מאַכט בירהאָ — מיר וועלן זען מאָרגן.

אויף מאָרגן, ווי בערל זיצט זיך אַזוי אין די בראָנקס ביי זיך אין הויז, און שמועסט זיך מיט זיין ווייב מאַלין, ווי פּלוצלונג דער טעלעפֿאָן צעקלינגט זיך זייער שטאַרק.

לויפֿט מאַלי צו, כאַפּט דאָס טרייבל, הערט זיך צו אַביסל, און מיט אַמאָל, ווי זי צעלאַכט זיך אַזוי שטאַרק, אַז איר מאַן בערל דערשרעקט זיך אַזש.

— אַ כּפּרה (קאַפּאָרע) וואָס לאַכסטו — בייזערט זיך בערל.

— הער, וואָס בירהאָ דערציילט, וועסטו אויך לאַכן.

גיט אים מאַלי איבּער דאָס טרייבל, בערל הערט זיך צו אַ ווייל, און פּלוצ־

לונג צעלאַכט ער זיך אויך.

די מעשה (מייסע) איז, וואָס בערל דער אָפּערעיטאָר איז טאַקע געווען גערעכט. דער חתונה־רינג איז געווען דער סימן (סימען) ביי וואָוויקן. זי, בירעָ, האָט היינט אָנגעטאָן דעם חתונה־רינג, ווען זי האָט זיך געלאָזט גיין אויף סוטער עוועניו, איינקויפן זאַכן צום עסן, איז שוין וואָוויק ניט נאָכגעלאָפן.

אָבער וואָס בערל און מאַלי האָבן אַזוי שטאַרק געלאַכט, וואָס וואָוויק איז געווען מסוכן (מעסוקן) אין כעס (קאַאַס), ווען בירעָ איז צוריקגעקומען פון סוטער עוועניו מיט פּעקלעך שפּייז. ער האָט אַזוי בייז געהאַווקעט אויף איר, אַז ס׳איז געווען אַ סכנות (סאַקאָנעס).

שפּעטער האָט מען דאָס דערציילט רבקהן. און רבקה האָט דאָס דערציילט האַימי דעם געלן, און האַימי דער געלער האָט דאָס דערציילט אַנדערע מענטשן איבער דער בראָנקס. האָט שוין גאַנץ בראָנקס געלאַכט און געלאַכט.



# וואָוויק ווערט אַ טרעפער

וואָוויק וואָלט געגאַנגען אויף סוטער עוועניו אַליין אָן בּיראָן. ער ווייסט דען ניט, וואו סוטער עוועניו איז? איז אָבער די מעשה (מייסע), וואָס דאָרטן אויף סוטער עוועניו האָט ער געהאַט שונאים (סאָנים). געפערלעכע שונאים.

שונא (סוינע) נומער איינס אויף סוטער עוועניו איז געווען שמערל דער קצב (קאַצעף). זייער אַ בּייזער ייד. ס׳הייסט צו מענטשן איז ער גראַדע ניט געווען בייז, נאָר צו הינט. בּאַזונדערס צו וואָוויקן.

— אַוועק, דו, פּרעסער, — פלעגט גלייך שמערל קצב אַרויסלויפן פון זיין יאַטקע מיטן שטעקן, ווי נאָר ער האָט דערזען וואָוויקן.

און אַ שטעקן האָט וואָוויק מסוכן (מעסוקן) פיינט. אַ שטעקן איז גאָרנישט קיין גוטע זאַך. פון אַ שטעקן, ווייסט ער, דאַרף מען זיך האַלטן שטענדיק פונדערווייטנס, גאָר פונדערווייטנס.

שונא (סוינע) נומער צוויי איז געווען יעשיקע דער הינקנדיקער פון דער דעליקאַטעסן קראָם. יעשיקע דער הינקנדיקער פלעגט אַנדערש טאָן. דוקא (דאַווקע) מיט גוטן אַזוי קלאָמפּערשט.

— אָט גייט אונדזער גרויסער העלד — פלעגט ער מאַכן מיט אַ זיס קול — קום אַריין וואָוויק, קום אַריין, האַרץ מיינס.

און שטענדיק פלעגט וואָוויק פאַרגעסן, אַז מען טאָר נישט אַריינגיין. ער ווייסט דאָך פון פריער, אַז ס׳איז בלויז אַ פאַרנאַרעריי. אָבער די זיסע רייד האָבּן אים שטענדיק גענומען. ווי בּאַלד אָבער ער פלעגט אַריינגיין אינעווייניק, האָט יעשיקע דער הינקנדיקער תיכף (טייקעף) אַ כאַפּ געטאָן די בּייטש און אַ שמיר געטאָן דעם הינטל איבּערן קעפּל.

ער האָט געהאַט אַ בּייטש מיט זיך, יעשיקע, אין דער דעליקאַטעסן קראָם.

די בײטש האָט ער געהאַלטן אין קראָם אויף צו טרײַבֿן די פֿליגן. האָט ער שוין מיט דער זעלבֿיקער בײטש אויך מכבד (מעכאַבֿעד) געווען וואָוויקן.

שונא (סוינע) נומער דרײַ איז געווען פּײַוול פֿון דער שפּײַז־קראָם (גראָסערי). ניט אַזאַ געפֿערלעכער שונא, אָבֿער פֿאָרט אַ שונא. ער פֿלעגט אים, וואָוויקן, וואַרפֿן קאַסטנס אין קאָפּ אַרײַן, אַז ער האָט אים דערזען. האָבֿן די קאַסטענס אים קײנמאָל ניט געטראָפֿן, מחמת (מאַכמעס) ער האָט זיך געהיט, וואָוויק. פֿלעגט שטענדיק אַ לויף טאָן אָן אַ זײַט. אָבֿער פֿאָרט איז ניט צום האַרצן, אַז מען וואַרפֿט דיר קאַסטנס אין קאָפּ אַרײַן.

איז ווי איר זעט, האָט וואָוויק אײנער אַלײן ניט געקאָנט גײן אויף סוטער עוועניו, צוליבֿ די דאָזיקע שונאים (סאָנים). ווען ער איז אָבֿער געגאַנגען מיט בירען, האָט אים שוין קײנער ניט געטשעפּעט. אַלע האָבֿן זיך אַזוי וואויל געגריסט מיט אים.

— העלאָו, וואָוויקל, וואָס מאַכסטו וואָוויקל?

יעדער אײנער אַזוי: „העלאָו וואָוויקל״, „וואָס מאַכסטו וואָוויקל״. סאַי שמערל דער קצבֿ (קאַצעף), סאַי יעשיקע דער הינקנדיקער, סאַי מעכל פֿון דער שפּײַז־קראָם.

אָבֿער ניט נאָר צוליבֿ דעם האָט וואָוויק ליבֿ געהאַט נאָכצוגײן בירען אויף סוטער עוועניו. די מעשה (מײסע) איז, וואָס ער האָט געהאַט זײַן חשבון (כעשבֿן) דערבײַ. זײַן אויסרעכענונג.

איר פֿאַרשטײט, בירע האָט ניט יעדן טאָג געקאָכט פֿלײש. ס׳זײַנען געווען



אַ פּאָר טעג אין דער וואָך, וואָס זי האָט געקאָכט אירע מאָלצייטן בּלויז פון גרינסן. קאָטלעטן פון ספּינאַטש פלעגט זי פּרעגלען. לאַטקעס פון מערן פלעגט זי באַקן. און נאָך אַנדערע פּאָטראַוועס פון נאָטוס און פּראָטוס, וואָס קיין בּיי־נער פון זיי קאָן מען שוין ניט דערוואַרטן.

פלעגט זיך וואָוויק גוט צוקוקן וואָס בּיראָ קויפט איין אויף סוטער עוועניו. האָט ער געזען, אַז זי גייט בּלויז אין אַזוינע קראָמען, וואו מען פאַרקויפט גרינסן, איז אים געוואָרן אומעטיק אויפן האַרצן. ער האָט שוין פאַרשטאַנען, אַז דער מאָלצייט וועט באַשטיין פון ספּינאַטש קאטלעטן, לאַטקעלעך פון מערן, און נאָך אַזוינע שאַלאַמויזן.

האָט ער געזען, ווי בּיראָ לאָזט זיך צו שמערל דעם קצב (קאַצעף), איז אים גלייך געוואָרן פריילעך אויפן האַרצן. ער האָט שוין געוואוסט, אַז ס׳וועט היינט זיין חי (כאַי) געלעבט. מיט בּיינער און מיט נאָך גוטע זאַכן.

מיט דער צייט האָט שוין דער גאַנצער בּלאַק אויף סוטער עוועניו געוואוסט, וואָס ס׳קאָכט זיך היינט בּיי בּיראָן אין טעפּל. מען האָט נאָר געדאַרפט אַ קוק טאָן אויף וואָוויקן. מען האָט נאָר געדאַרפט זען, ווי אַזוי ס׳הינטעלע גייט.

האָט מען געזען, ווי וואָוויק גייט מיט אַראָפּגעלאָזטע אויערן, מיטן קאָפּ אָנגעבּויגן צו דער ערד, מיטן וויידל צווישן די פיס, האָט מען שוין פאַרשטאַנען, אַז בּיראָ קאָכט היינט אַ מאָלצייט בּלויז פון גרינסן.

האָט מען אָבער געזען, ווי ער לויפט נאָך בּיראָן אַ פריילעכער, האָפּקעט, שפּרינגט, קוליעט זיך איבּער אויף די שטיינער, איז שוין געווען אַ סימן, אַז היינט קאָכט בּיראָ אַ פליישיקן מאָלצייט . . .



# וואָוויק און דער שטעקן

אַ שטעקן, דאָס איז געווען דאָס ערגסטע ביי וואָוויקן. ער האָט ניט געקאָנט קוקן אויף אַ שטעקן. ס׳בייכעלע זיינס האָט אים אָנגעהויבן ווי צו טאָן, אַז ער האָט דערזען אַ שטעקן.

און דאָ קלייבט זיך אַריין אויף סאַראַטאָגאַ עוועניו אַ ייד מיט אַ שטעקן. אַ שווערער שטעקן נאָך דערצו. אַ געלער אַזאַ, מיט אַ שוואַרצער גאַלקע.

זעליג דער בלינדער האָט מען אים גערופן דעם דאָזיקן יידן מיטן שטעקן. אַ מענטש מיט אַ לאַנגער רויטער באָרד און מיט פאַרמאַכטע אויגן.

סטוק, סטוק, מאַכט דער שפּיץ פון שטעקן איבער די שטיינער פון דער גאַס, און אַלע מענטשן אויף סאַראַטאָגאַ עוועניו קוקן זיך אום.

ווען וואָוויק האָט אים דאָס ערשטע מאָל דערזען, האָבן זיך די האָר אויף זיין קעפּל אַזש אויפגעשטעלט פון מורא. ג״ר ג״ר, האָט ער אָנגעהויבן בורטשען, באַוויזן די שאַרפע ציינדלעך און אַנטלאָפן.

אויף מאָרגן אינדערפרי גייט ער אַרונטער אויף דער גאַס, ווי יענער ווידער מיטן שטעקן מאַכט: סטוק, סטוק.

— האַוו, האַוו — פאַררייסט וואָוויק דאָס קעפּל און האַוקעט מיט אַזוי פיל האַרץ.

זעליגן אָבער אַרט ניט, וואָס דאָס הינטעלע האַוקעט מיט אַזוי פיל האַרץ. נאָר ער גייט זיך טריט ביי טריט און קלאַפּט מיטן שטעקן.

אָבער וואָס אַרט וואָוויקן, וואָס אויף זיין בלאָק וואוינט אַ ייד מיט אַ שטעקן? אָבער ס׳אַרט אים. שטאַרק אַרט אים. ס׳לאָזט אים ניט צורו, נאָר ער טראַכט, און נאָר ער קלערט. כל זמן, אַז ס׳גייט אום פראַנק און פריי אַ מענטש מיט אַ שטעקן אויף סאַראַטאָגאַ עוועניו, קאָן ער שוין, וואָוויק, ניט זיין רואיק.

און דאָ, איינמאָל אַ בייטאָג, ער טוט אַ קוק — יענער איז דאָ. סאַמע לעבן



וואָוויקס הויז איז ער דאָ. סטוק, סטוק, מאַכט יענער מיטן שטעקן און גייט זיך מיט פֿאַרמאַכטע אויגן.

ווערט דעם הינטעלע פֿאַרשטאָרבן דאָס האַרץ. דאָס מאָל צעהאַוועט ער זיך שוין ניט, נאָר ער שווייגט. שוויגט און גנבעט זיך הינטער אַזוי, און מיט אַמאָל טוט ער אַ שפּרונג און טוט אַ כאַפּ אַריין דעם שטעקן אין זיינע ציין.

אַזוי גיך האָט ער דאָס געטאָן, אַז זעליג דער בלינדער האָט אַפֿילו ניט געהאַט קיין צייט זיך אַ כאַפּ טאָן אויף צוריק, און גלייך אַ פֿאַל געטאָן מיטן קאָפּ אויף די שטיינער. אַ פֿאַל געטאָן און געבליבן ליגן אַזוי שטיל, שאַ . . .

זלאַטע די הויכע, וואָס האָט דאָס דערזען דורכן פֿענצטער, האָט אויפגעהויבן אַ גרויסן געוואַלד, זיינען זיך אָנגעלאָפֿן מענטשן און אויך געמאַכט אַ גרויסן געוואַלד. אַן אַמבולאַנס איז גלייך געקומען צו יאָגן און מען האָט זעליגן אַוועקגענומען אין האָספּיטאָל אַריין מיט אַ צעקלאַפּטן קאָפּ.

און וואָוויק? וואָוויק האָט גלייך ניט געסטאַיעט. אַנטלאָפֿן צו דער אַלטער פֿייגע־ברײנען. דאָרטן אַרונטער אונטערן בעט און זיך פֿאַרבאַהאַלטן.

אָבער ווי לאַנג קאָן מען אַזוי ליגן פֿאַרבאַהאַלטן? און דאָ ווערט נאָך נאַכט. ער ווייסט, אַז אינדערהיים עסט מען איצט וועטשערע, און ער איז אַזוי הונגעריק. טראַכט ער וואָס וועט זיין, וועט זיין, און ער לויפֿט אַהיים.

אַריינקומענדיק אין הויז איז אַזוי שטיל . . . טויט שטיל . . . אַלע זיינען דווקא (דאַפֿקע) דאָ אין קיך: שמואל, בירהאָ, פֿריידעלע און גאָלדע די קאַץ. אָבער אַלע — קיין וואָרט ניט צו אים.

וואָלט מען אים כאָטש געזידלט. וואָלט מען אים אַפֿילו אָנגעפּאַטשט, וואָלט שוין געווען בעסער. ניין, שווייגט מען. ניט נאָר דאָס, מען וויל אַפֿילו ניט קוקן אויף אים.

קאָן ער שוין, וואָוויק, מערער ניט אויסהאַלטן די שווייגעניש און לויפֿט אַרויס אויף דער גאַס. איז דאָרטן אויף דער גאַס אויך דאָס זעלבע. ניט מען זידלט אים, ניט מען שלאָגט אים, נאָר מען קוקט אויף אים, ווי אויף אַ מערדער און מען שווייגט.

אַפֿילו די קינדער פֿון בלאָק, וואָס האָבן אים אַזוי ליב, דאָס מאָל קוקן זיי



אויך אויף אים זייער בייז און שווייגן.

וואָס זאָל וואָוויק טאָן, אַז די גאַנצע וועלט שווייגט? לויפט ער צוריק צו דער אַלטער פייגע־ברײנען. אַהיים וויל ער שוין ניט גיין.

די אַלטע פייגע־ברײנע איז די איינציקע, וואָס שווייגט ניט צו אים בייז. פאַרקערט, זי רעדט צו אים מיט גוטן און מאַכט אַזוי:

— אַי, דו וואָוויקל שוטה (שויטע), דאַרפסט אָנפאַלן אויף אַ בלינדן מענטשן? האָט ער דיר דען געמיינט שלעכטס טאָן מיט זיין שטעקן? ווייסטו ניט, אַז אַ בלינדער מוז האָבן אַ שטעקן? אַי, נאַרעלע, נאַרעלע.

און וואָוויקן ווערט שוין אַביסל בעסער, וואָס די אַלטע רעדט צו אים, און ער וויינט זיך אויס דאָס האַרץ פאַר איר. ט—י—י, מאַכט ער און פאַרגייט זיך אַזוי ביטער.

און דאָ גייט אַוועק איין טאָג, צוויי טעג, דריי טעג, און דער גאַנצער בלאָק, ווי באַלד נאָר וואָוויק באַווייזט זיך, קוקט נאָך אַלץ אויף אים, ווי אויף אַ היטלער און שווייגט בייז.

און וואָוויק, ער ווערט אויס וואָוויק. קאָן ניט עסן, קאָן ניט שלאָפן. ווערט מאָגערער פון טאָג צו טאָג. איינגעפאַלן, איינגעזונקען. ס'האָט שוין געהאַלטן דערביי, אַז דאָס הינטעלע האָט שוין ניט געוואָלט אויפמאַכן די אייגעלעך. וואָס וועט ער זיי אויפמאַכן, אַז די גאַנצע וועלט קוקט אויף אים אַזוי בייז.

קוקט אַזוי איינמאָל אַ בייטאָג די אַלטע פייגע־ברײנע אויף וואָוויקן, וואָס האַלט צוגעמאַכט די אייגעלעך, און דאָס האַרץ גייט איר אויס פון רחמנות. מען דאַרף עפּעס טאָן, טראַכט זי.

און דאָ פּלוצלונג אָבער טוט וואָוויק אַ ציטער, עפנט זיינע אייגעלעך און צענעמט זיינע אויערלעך. וואָס איז די מעשה (מייסע)? ער האָט דערהערט אַ סטוק, סטוק, טאַקע יענעם סטוק, סטוק . . .

ער גייט אַרויס אינדרויסן, ער טוט אַ קוק, ס'איז טאַקע זעליג מיטן שטעקן. ער איז שוין אַרויס פון האָספּיטאָל. אָבער דער קאָפּ איז נאָך אַלץ ביי אים פאַר־באַנדאַזשירט.

גייט צו אים וואָוויק צו, לייגט זיך פאַר אים אויפן בייכעלע, שאָקלט מיטן

ווײדעלע און מאַכט: הי, הי, הי. מיט אַזאַ געבעט מאַכט ער: הי, הי, אַז ס׳קאָן אַפּילו אַ שטײן רירן. אָבער זעליג שװײגט, מיט כּעס שװײגט ער. דרײט אַװעק דעם קאָפּ פֿון אים און גײט זיך אַװעק.

װאָס טוט מען, סײדן שטאַרבן? אױ, אױ, ער װיל ניט שטאַרבן. ער װיל בעסער די װעלט זאָל זײַן װידער גוט צו אים.

אױף מאָרגן זעט ער, װי זעליג דער בלינדער זיצט זיך אױף די טרעפּ לעבן זײַן הױז, נאָך אַלץ מיט אַ פֿאַרבאַנדאַזשירטן קאָפּ. גײט ער נאָכאַמאָל צו צו אים, לײגט זיך װידער פֿאַר אים אױף זײַן בײַכעלע, קלאַפּט מיטן װוידעלע און מאַכט נאָך מיט מערער געבעט: הי, הי, הי.

דאָס מאָל צעשמײכלט זיך שױן זעליג דער בלינדער און טוט אים אַ גלעט איבערן קעפּל. אַז װאָװיק האָט דערפֿילט דעם דאָזיקן גלעט, איז אים געװאָרן אַזױ גוט, אַז ער האָט זיך אַזש נאָכאַמאָל צעװײנט.

הכּלל (האַקלאַל), פֿון יענעם טאָג אָן איז װאָװיק מיט זעליגן געװאָרן גרױסע גוטע פֿרײַנט. אַ סך מאָל האָט מען זײ שױן געזען גײן צוזאַמען. זעליג מאַכט: סטוק, סטטק, און װאָװיק מאַכט מיט גוטן: האַװ, האַװ.

שמײכלען אַלע מענטשן פֿון סאַראַטאָגאַ עװעניו צו װאָװיקן, רײדן צו אים, גלעטן אים, און װאָװיקן איז גוט, װי די װעלט. אַזױ גוט, אַז ער כאַפּט זיך אַזש צוריק בײַסן דעם שטעקן, אָבער דאָס מאָל גלאַט אַזױ פֿון שפּאַס װעגן . . .



# וואָוויק ווערט אַראָפּגעפֿאַלן ביי זיך

וואָוויק ווייסט שוין, ווען ס׳איז זונטיק.

ווי אַזוי ווייסט ער? גאַנץ פּשוט: לויטן וועק-זייגער. זונטיק פֿאַרטאָג קוויטשעט ניט דער וועק-זייגער. זונטיק פֿאַרטאָג כאַפּט זיך שמואליק ניט אויף און איילט זיך ניט. זונטיק פֿאַרטאָג גייט ער ניט אַוועק, און קומט ערשט פֿאַרנאַכט, ווי אַלע טעג פֿון דער וואָך. זונטיק איז בכלל (ביכלאַל) אַזאַ טאָג, וואָס מען לאַכט. שמואליק לאַכט, בירהאָ לאַכט, פריידעלע לאַכט, און וואָוויק לאַכט אויך.

אַז ס׳קומט דער זונטיק שלאָפֿן אַלע שפּעט. ס׳הייסט מען שלאָפֿט ניט, נאָר מען ליגט גלאַט אַזוי אין די בעטן. פריידעלע שפּרינגט אַרויס פֿון איר בעטל און לויפֿט אַריין צו שמואליק און בירהאָן אין בעט אַריין. וואָוויק שפּרינגט אויך אַרויס פֿון זיין בעטל (ס׳הייסט פֿון קעסטל אויסגעבעט מיט שמאַטעס) און לויפֿט אַריין צו שמואליקן און בירהאָן אין בעט. מען שפּילט זיך אַלע צוזאַמען, און מען לאַכט.

אַ חוץ דעם, די גוטע עסנס, וואָס מען עסט זונטיק, זיינען דיר גאָרניט? ס׳איז נאָך ניט געווען קיין זונטיק ס׳זאָל ניט זיין קיין מאָלצייט פֿון פֿלייש. און פֿון אַ מאָלצייט פֿון פֿלייש, קומט אַ גרויסע שמחה (סימכע) אויף וואָוויקן.

ס׳איז שוין כדאַי (קעדאַי) צו וואַרטן אַ גאַנצע וואָך אויף דעם דאָזיקן איין און איינציקן פריילעכן טאָג.

איינמאָל אָבער אינדערפֿרי, ער קאָן שווערן וואָוויק, אַז ס׳איז ניט זונטיק, און דאָך דער וועק-זייגער קוויטשעט גאָרניט, און שמואליק כאַפּט זיך גאָרניט אויף און איילט אַוועק. און אַלע ליגן אין די בעטן און ס׳איז אַזוי שטיל.

מיינט ער, אַז דער וועק-זייגער האָט אפשר (עפּשער) פֿאַרגעסן צו קוויטשען, הייבט ער אָן צו האַווקען.

**— חסר דעה (כאָסער דייע) — טוט אויף אים שמואליק אַ געשריי בייז — וואָס האַווקעסטו?**

(חסר דעה (כאָסער דייע) מיינט דאָסזעלבע ווי טפש (טיפּעש), שוטה (שוי־טע), אָדער גאָר אָפּגעריסענער נאַר.)

עפּעס איז דאָ ניט גלאַט, דערשרעקט זיך וואָוויק. שמואליק דאַרף זיך דאָך אויפכאַפּן, אָנטאָן זיך און אַרויס פון שטוב, ווי אַלע טאָג? וואָס מיינט דאָס?

און דאָ איז עפּעס אַזוי שטיל אין הויז און אויך טרויעריק. אַ גאַנצן טאָג איז אַזוי שטיל אין הויז און טרויעריק, און שמואליק איז עפּעס זייער בייז.

דערוויל אויף מאָרגן פאַרטאָג קוויטשעט ווידער ניט דער וועק־זייגער. שמואליק כאַפּט זיך ווידער ניט אויף און איילט אַרויס פון הויז. קאָן וואָוויק ניט ליידן, און ער האַווקעט ווידער.

— האַוו, האַוו, לויפט ער אַריין אין צימער, וואו שמואליק און בירא ליגן אין בעט — האַוו, האַוו — מאַכט וואָוויק בייז.

— אידיאָט — וואַרפט אים שמואליק אַ שוך אין קאָפּ — וואָס האַווקעסטו?

אַרט ניט דעם הינטעלע דער שוך אין קאָפּ, ווי ס'אַרט אים דער „אידיאָט". אַרט אים שוין שפּעטער אויך נישט דער „אידיאָט", ווי ס'אַרט אים, וואָס ס'איז אַזוי שטיל און טרויעריק אין הויז. וואָוויק האָט ניט ליב, אַז ס'איז שטיל און טרויעריק אין הויז. ער האָט ליב ס'זאָל זיין פריילעך, ס'זאָל זיך טאָן.

און דאָ גייען אַוועק טעג און טעג, און ס'ווערט ניט בעסער. פאַרקערט, ס'ווערט ערגער. און ערגער ווערט מיט דעם, וואָס בירא קאָכט שוין מערער ניט קיין מאָלצייטן פון פלייש, נאָר עפּעס פון גרינסן, און פון גראָז.

און דענאָכדעם זיינען געקומען מענטשן און אַרויסגענומען דעם טעלעפאָן פון הויז.

און דערנאָכדעם זיינען געקומען מענטשן און אַרויסגענומען אויך די ראַדיאָ פון הויז. און צו דער ראַדיאָ האָט זיך שוין וואָוויק אַזוי צוגעוואוינט, אַז ער קאָן איצט גאָרניט לעבן אָן דער ראַדיאָ.

און דערנאָכדעם איז געוואָרן גאָר קאַלט אין הויז. רק (ראַק) ער ציטערט, וואָוויק, און ס'קלאַפּט אים אַ צאָן אין אַ צאָן. מען צינדט שוין מערער ניט אָן דאָס גאַז־אייוועלע, ס'זאָל אים ווערן וואַרעמער.

און נאָך מערער: מען זיצט שוין גאָר אין דער פינצטער. קומט די נאַכט, צינדט מען שוין ניט די עלעקטריע.

וואָס פלוצלינג איז געוואָרן אַזוי ניט גוט מיט אַמאָל אין הויז? דאָס הינטעלע הייבט ניט אָן צו פאַרשטיין. לויפט אַלע מאָל צו דער אַלטער פייגע־בריינען, קלאָגט זיך פאַר איר, וויינט און פּיעשטשעט זיך. ווייסט ניט די אַלטע פייגע־בריינע, וואָס ס'קוועטשט וואָוויקן, נאָר זי טרייסט אים סאַי ווי סאַי:

— נו, שאַ וואָוויק, נו, שטיל וואָוויק, זייט ניט אַזוי אַראָפּגעפאַלן.

גייען אַוועק אַ סך, אַ סך וואָכן, און וואָוויק טראַכט שוין, אַז ס'וועט שוין קיינמאָל ניט ווערן אין הויז אַזוי פריילעך, ווי פריער.

ער טראַכט שוין, אַז אויפן גאַנצן לעבן, וועלן אַלע זיין טרויעריקע, מען וועט

שוין מערער ניט קאָכן קיין מאָלצייטן פון פלייש, מען וועט שוין מערער ניט אָנ־צינדן דאָס גאַז־אייוועלע, מען וועט שוין מערער ניט מאַכן ליכטיק בײַנאַכט.

ווי, איינמאָל אַ פֿאַרטאָג, דער וועק־זייגער קוויטשעט ווידער. גלויבט זיך וואָוויק ניט זײַנע אייגענע אויערן. מיינט ס׳איז עפּעס אַ טעות (טאָעס). אָבֿער ניין, ס׳איז ניט קיין טעות, שמואליק שפּרינגט אַרויס אַ פריילעכער פון בעט, טוט זיך אָן אינדערגיך, און לויפט אַרויס פון הויז.

און אויף מאָרגן ווידער דאָסזעלבֿע, און איבֿערמאָרגן, און אַלע אַנדערע מאָרגנס. ס׳ווערט פֿריילעכער אין הויז. דעם טעלעפאָן האָט מען צוריק אַרײַנ־געשטעלט. אויך די ראַדיאָ. בּיראָ קאָכט שוין ווידער מאָלצייטן פון פלייש. מיט איין וואָרט ס׳איז געוואָרן צוריק חי (כאַי) געלעבֿט.

אָבֿער פונדעסטוועגן, אַז ס׳קומט דער פֿאַרטאָג, גלויבֿט זיך אַלץ ניט וואָ־וויק. אַפילו דער זייגער קוויטשעט, גלויבֿט ער זיך ניט. אַפילו שמואליק שפּרינגט אַרויס פון בעט, גלויבֿט ער זיך נאָך אַלץ ניט. ערשט ווען שמואליק לויפט אַרויס פון שטובּ, און ס׳דערהערט זיך אַ האַק מיט דער טיר, ערשט דעמאָלט גלויבֿט ער.

דעמאָלט טוט וואָוויק אַ געשמאַקן געניץ, קאָרטשעט זיך צונויף און שלאָפט ווידער איין אַ פריילעכער . . .



# וואָוויק פאָרט קיין קוני־איילאַנד

וואָוויק האָט שוין שטענדיק געוואוסט, ווען מען פאָרט קיין קוני־איילאַנד. ווי אַזוי האָט ער געוואוסט? אָ, ער האָט זיך שוין זיינע סימנים (סימאָנים).

ערשטנס די סענדוויטשעס. בירא מאַכט סענדוויטשעס, ווען מען קלייבט זיך קיין קוני־איילאַנד. סענדוויטשעס פון געהאַקטע לעבער, און פון צעמאָלע־נע אייער מיט פאָמידאָרן, און מיט לעטוס.

צווייטנס די באָד־קאָסטיומען. נאָר ווען מען פאָרט קיין קוני־איילאַנד, ווייסט וואָוויק, אַז מען נעמט מיט באָד־קאסטיומען.

דריטנס, וואָס פריידעלע ווערט מיט אַמאָל אַזוי פריילעך. פאַטשט מיט די הענטלעך, טאַנצט און שפרינגט און זינגט:

קוני־איילאַנד, קוני־איילאַנד.

טאַנצט אויך וואָוויק, שפרינגט און האָפקעט, און פלאָנטערט זיך פאַר די פיס.

אַז מען לאָזט זיך אויפן וועג צום סאָבוויי, שפאַנט וואָוויק פאָראויס מיט אויפגעהויבענע אויערלעך, און מיט אַן אויפגעהויבענעם ווידעלע. דאָס גרויסט ער זיך פאַר די מענטשן אויפן בלאָק.

ווען מען גייט אַרויף די טרעפ אויף דער פלאַטפאָרמע, איז געוויינלעך דאָ אַ גרויסער עולם (אוילעם). און אַז אַ באַן לויפט אָן שטופן זיך אַלע אין די טירן. וואָוויק אָבער לויפט אַריין דער ערשטער אין וואַגאָן. דורך די פיס פון די מענ־טשען גיט ער זיך אַ שמוגל דורך און איז שוין דאָ אינעווייניק.

און אַז ער איז שוין דאָ אינעווייניק, פאַרכאַפּט ער פריער פאַר אַלעמען אַ פלאַץ. שפרינגט אַרויף אויף אַ ליידיקער באַנק און בלייבט שוין דאָרטן שטיין. אַז שמואליק, בירא און פריידעלע שטופן זיך סוף־כל־סוף (סאָפקאָלסאָף) אַריין מיטן קאָשיק, האָבן זיי שוין אַ פלאַץ, וואָס וואָוויק האָט פאַר זיי צוגעגרייט.

דאָס פאַרכאַפּן אַ פלאַץ אין וואַגאָן, דעם אמת (עמעס) געזאָגט, האָט אים

שמואליק אויסגעלערנט. און שמואליק, ווי איר ווייסט פון פריער, קאָן שוין זייער גוט אויסלערנען אַ הינטעלע פאַרשיידענע קונצן.

פריידעלע האָט זייער ליב אַרויסקוקן דורכן פענצטער, ווען דער באַן לויפט אַרויס פון אונטער דער ערד. דורכן פענצטער זעט זי: גאַסן, הייזער, מענטשן גייען און ס׳איז איר פריילעך.

וואָוויק האָט אויך ליב אַרויסקוקן דורכן פענצטער, ווען דער באַן לויפט אַרויס פון אונטער דער ערד. דורכן פענצטער זעט ער: גאַסן, הייזער, מענטשן גייען און ס׳איז אים אויך פריילעך.

דערפאַר אָבער, אַז מען קומט אָן צו דער לעצטער סטאַנציע דערשרעקט זיך שוין פריידעלע. דערשרעקט זיך אויך וואָוויק. מחמת (מאַכמעס) דאָרטן זיינען דאָ אַזוי פיל מענטשן. טויזנטער און טויזנטער. און דאָ שרייט מען נאָך דאָרטן זייער שטאַרק. אַלע שרייען: קויפט, קויפט, פינאַטס (סטאַשקע־ניסלעך). קויפט, קויפט, האַט־דאָגס (קישקעלעך). פינף סענט אַ שטיק.

און דאָ שפּילט אויך מוזיק. אומעטום שפּילט מוזיק. און דאָ דרייען זיך גאַנצע שטיבער מיט פערדעלעך, מיט וועגעלעך, געמאַכט פון גיפס.

טוליעט זיך פריידעלע צו טאַטע און מאַמע, און טרעט ניט אָפּ פון זיי. טו־ליעט זיך וואָוויק צו שמואליקן און ביראָן, און טרעט אויך ניט אָפּ פון זיי.

אויפן זאַמד לעבן ברעג ים (יאַם), זיינען דאָ אַזוי פיל מענטשן, אַז וואָוויק ווייסט ניט אויף וועמען פריער צו האַוקען. האַווקעט ער טאַקע ניט. קוקט זיך בעסער אַרום, וואָס ס׳טוט זיך דאָרטן.

שפּעטער, ווען ער ווערט שוין אַביסל היימישער, פאַרגונט ער זיך שוין אַ ביסל אַ האַווקע צו טאָן. אָבער אויך ניט אויף די מענטשן, נאָר אויפן ים. וואָוויק קאָן ניט פאַרליידן, וואָס דער ים שרייט און וואַרפט גרויסע כוואַליעס אויפן ברעג. שפּרינגט ער אַנטקעגן דעם ים און האַווקעט.

אין אַ הויז, וואָס הינטער די ברעטער, טוען זיך מוליק, פריידל און ביראָ



אויס, און טוען אָן זייערע באַד־קאָסטיומען. וואָוויקן איז גוט, ער דאַרף זיך ניט אויסטאָן, און זיך ניט אָנטאָן קיין באַד־קאָסטיום.

דעם אמת (עמעס) געזאָגט, האָט ער זיך פיינט צו באָדן. אַנטלויפט פון וואַסער, ווי פאַר פייער. מאַכט געוואַלדן, ווען שמואליק טרייבט אים אין וואַסער. פריידעלע מאַכט אויך געוואַלדן, ווען שמואליק טרייבט זי אין דער וואַסער אַריין.

זעט שוין שמואליק, אַז מיט גוטן וועט ער גאָרניט מאַכן, נעמט ער פריידעלען אונטערן רעכטן אָרעם, נעמט וואָוויקן אונטערן לינקן אָרעם, און גייט מיט זיי אַריין אין וואַסער.

רייסט זיך פריידעלע און קוויטשעט. רייסט זיך אויך וואָוויק און קאַוואַטשעט. אָבער ס׳העלפט זיי ביידן ניט. שמואליק טונקט הינטער פריידעלען אין אַ גרויסער כוואַליע. דערנאָכדעם טונקט ער אונטער וואָוויקן אויך אין אַ גרויסער כוואַליע.

הכלל (האַקלאַל), גוט אויסגעבאָדן פרייעדלען און וואָוויקן, ווילן זיך בּירא און שמואליק אַליין אויך באָדן. זיי ווילן שווימען. זיי קאָנען ביידע שווימען זייער ווייט. וואָס זשע טוט מען אָבער מיט פריידעלען? מען ווייסט דאָך, אַז זי האָט ניט אַזוי ליב צו פאָלגן. מען וועט איר זאָגן: גיי ניט אַוועק פון אָרט, ביז מיר וועלן צוריקקומען, וועט איר אין איין אויער אַריין, און פון אַנדערן אַרויס. רופט זיך בּירא אָן צו וואָוויקן:

— זיץ לעבן איר און היט זי. לאָז זי ניט אַוועקגיין פון הינטערן שירעם.

אַ גרויסן שירעם האָט שמואליק געדונגען, ס׳זאָל פאַרשטעלן פון דער זון. אַ שירעם מיט רויטע, בלויע, געלע און שוואַרצע שטרייפן.

פאַרשטייט דער קלוגער וואָוויק וואָס מען וויל פון אים. ווייסט, אַז מען דאַרף זי שטאַרק היטן. ווייסט אויך, אַז זי וועט וועלן זיך רירן פון אָרט, דאַרף ער בלויז אָנכאַפּן מיט די ציינדעלעך. דאָס הייסט אָנכאַפּן אַ שטיק פון איר באָד־קאָסטיום מיט זיינע ציינדעלעך, וועט זי זיך שוין ניט קאָנען רירן.



הכלל (האַקלאַל), טאַטע און מאַמע זיינען זיך געגאַנגען באָדן. פריידעלע איז זיך געזעסן הינטערן שירעם און זיך געגראָבן אין זאַמד. זי האָט געוואָלט מאַכן אַ טונעל פון זאַמד. וואָוויק איז זיך געלעגן אוסגעצויגן מיט זיין פּנים אויף די פאָדערשטע פיס, און זיך צוגעקוקט ווי פריידעלע גראָבט זיך אין דער זאַמד.

אָבער עפּעס וויל ער שלאָפן, וואָוויק. ער ווייסט ניט וואָס און ס'ציט אים אַזוי שטאַרק כאַפּן אַ שלאָף. מסתמא (מיסטאָמע) ווייל די זון איז אַזוי הייס. מסתמא (מיסטאָמע) פון דעם באָדן זיך אין ים, איז ער געוואָרן מיד. מסתמא דערפאַר, וואָס מען שרייט אַזוי שטאַרק איבער דער גרויסער, גרויסער לייַנג פון ברעג. אַלע שרייען: פרויען, מענער, קליינע קינדער, און די כוואַליעס פון ים. האָבן די אַלע דאָזיקע געשרייען הפּנים (האַפּאָנים) וואָוויקן זייער מיד געמאַכט, און ער איז נעבעך איינגעשלאָפן . . .



# וואָוויק קרייעט ווי אַ האָן

ווי לאַנג ער איז אַזוי געשלאָפֿן, ווייסט ניט וואָוויק. נאָר ער כאַפּט זיך אויף — ווײ צו אים און ווינד איז צו אים — ניטאָ פריידעלע. געוואַלד וואָס טוט מען? וואוהין גייט מען זי זוכן? ער נעמט זיך שמעקן די זאַמד, כדי צו דער־שפּירן אירע טריט. אָבער גיי שמעק, אַז ס׳איז דאָ אַזוי פיל זאַמד, און אַזוי פיל ריחות (רייכעס). ווערט אים פאַרשטאָרבן דאָס האַרץ. ווי אַזוי וועט ער שוין קאָנען קוקן שמואליקן און בּיראָן אין די אויגן, ווען זיי וועלן אַרויסגיין פון ים און אים פרעגן: וואו איז פריידעלע? אונדזער איין און איינציק פריידעלע. אונ־דזער אויג אין קאָפּ.

קאָן ער זיי טאַקע ניט קוקן אין די אויגן, ווען זיי זיינען אַרויסגעקומען פון ים. שטרעקט זיך אויס פאַר זיי, קריכט אויף זיין בּייכעלע, שאָקלט מיט די אויער־לעך, שלאָגט זיך אַליין מיטן ווײדעלע אויף זיין רוקן, שטרעקט אַרויס די צונג מיט גרויס טרויער. קוקט מיט אַזוינע אויגן, ווי איינער זאָגט:

— שלאָגט מיך, הרגעט (האַרגעט) מיך, טוט מיט מיר וואָס איר ווילט. ס׳קומט מיר. ס׳קומט מיר.

און ער צעוויינט זיך וואָוויק. הי, הי, הי, מאַכט ער, און באַקומט ספּאַזמען. דאָס הייסט ס׳פאַרכאַפּט אים דער אָטעם און ער קאָן אַפילו ניט וויינען. אַזאַ ווײ־טיק האָט ער.

און ווי קאָן מען פריידעלען געפינען צווישן אַ מיליאָן מענטשן? ווייסט שוין וואָוויק, אַז מען וועט פריידעלען ניט געפינען. פאַרפאַלן, אויס פֿריידעלע.

און ער שלעפּט זיך נאָך בּיראָן און מוליק. זיי גייען זוכן פריידעלען. ער כליפּעט וואָוויק. וואָס וועט שוין זיין? — טראַכט ער — אויף אייבּיק, אויף איי־בּיק וועט אים שוין ניט זיין גוט. אפשר גאָר אַריינשפּרינגען אין ים אַריין, און אַוועקשווימען ווייט, ווייט, אַז קיינער זאָל אים שוין מערער ניט קאָנען זען.

און דאָ ווערט שוין פאַרנאַכט. און שמואליק און בּיראָ זוכן נאָך אַלץ אַרום

פריידעלען. מען גייט לענג אויס דעם גאַנצן בּרעג. דערזעט מען אַ קליין מיידעלע, מיינט מען, אַז ס'איז פריידעלע. לויפט מען צו, איז דאָס גאָר ניט פריידעלע, נאָר אַן אַנדער שיין מיידעלע.

און דאָ ווערט שוין טאַקע פינצטער, און מען זוכט נאָך אַלץ פריידעלען. בּיז עמיצער האָט געזאָגט שמואליקן, אַז מען זאָל גיין אין דער פּאָליציי־סטאַנציע. אפשר דאָרטן איז דאָ פריידעלע.

איז ניט זיי גייען צו דער פּאָליציי־סטאַנציע, נאָר זיי לויפן. גיך, גיך לויפט מען און וואָוויק אויך. מען קומט אַריין, מען טוט אַ קוק — אַ סך, אַ סך קינדערלעך. פאַרבּלאָנדזשעטע קינדערלעך און צווישן זיי אויך פריידעלע.

דאַרף איך אייך שוין ניט דערציילן, ווי שמואליק און בּיראָ האָבּן זיך דערפרייט. אָבער מערער פון אַלע האָט זיך וואָוויק דערפרייט. מען האָט געמיינט, אַז ער איז חס־וחלילה (כאַסוועכולילע) משוגע געוואָרן, אַזוי האָט ער זיך דערפרייט. געשפּרונגען אין דער לופטן, און ניט געהאַווקעט, נאָר גאָר געקרייעט. יאָ, יאָ, ווי אַ האָן האָט ער געקרייעט. פון פרייד אַזוי . . .

זיינען זיי שוין אַלע געווען פריילעכע און גליקלעכע, און מען האָט זיך אומגעקערט אַהיים צוריק קיין בּרוקלין אויף סאַראַטאָגאַ עוועניו . . .



# וואָוויק און די לבנה

פאַרוואָס טאַקע באמת (בעעמעס) האָט וואָוויק אַזוי ליב געהאַט קוני־אײלאַנד, האָב איך אײך נאָך ניט דערצײלט.

ניט די לאַנגע רײזע אין באַן. ניט די קילע װינטעלעך אױפֿן ברעג ים. ניט דאָס באָדן זיך אין די כוואַליעס פון ים. ניט די גוטע סענדװיטשעס, וואָס מען האָט דאָרטן געגעסן. ניט די שײנע שירעמס פון אַלערלײ קאָלירן, וואָס האָבן דאָרטן געשטעקט אין זאַמד. נײן, ניט צוליב דעם אַלעם האָט וואָוויקן אַזוי גע־צויגן קײן קוני־אײלאַנד.

דער גוטער ריח (רײעך), וואָס האָט דאָרטן געשמעקט, אין קוני־אײלאַנד. דאָס האָט אים געצויגן. דאָס איז געווען דער עיקר (איקער). ער האָט נאָך ניט געוואוסט, וואָוויק, אַז דער גוטער ריח קומט פון האַט־דאָגס (געפּרעגלטע קיש־קעלעך) וואָס מען פאַרקויפט אין קוני־אײלאַנד. וואָס האָט ער געקאָנט וויסן פון האַט־דאָגס, אַז ער האָט קײנמאָל אױפֿ זײן לעבן ניט פאַרזוכט קײן האַט־דאָג. ער האָט נאָר געוואוסט, אַז עפּעס שמעקט דאָרטן אַזוי גוט, אַזוי וואונדערבאַר, אַז ס'ווילט זיך אים אַזש וויינען.

אײנמאָל האָט מוליק געקויפט „האַט־דאָגס" פאַר זײן משפחה (מישפּאָכע). וואָוויקן, פאַרשטײט זיך, האָט מען אויך געגעבן אַ שטיקל. איז וואָס זשע זאָל איך אײך זאָגן? אַזאַ באַטעמטע (באַטאַמטע) זאַך האָט דאָס הינטעלע אױפֿ זײן לעבן נאָך ניט פאַרזוכט. אַזאַ נחת (נאַכעס) איז אים געווען אױפֿ דער צונג. אַזאַ גוטסקײט איז געקומען אין זײן בײכעלע. דער גאַנצער וואונדער פון דער וועלט האָט זיך עפּעס געפונען אין דעם דאָזיקן קישקעלע, וואָס מען רופט „האַט־דאָג".

ער האָט דעם טעם (טאַם) גאָרניט געקאָנט פאַרגעסן. ער האָט דעם טעם (טאַם) געדענקט טעג און נעכט, וואָכן און וואָכן. און ער האָט שטאַרק געבענקט קײן קוני־אײלאַנד, די שטאָט פון „האַט־דאָגס". אוי האָט ער געבענקט.

אײנמאָל בײנאַכט. די לבנה האָט געשײנט אין פענצטער. אַלע זײנען שוין

געשלאָפֿן אין הויז, נאָר וואָוויק האָט ניט געקאָנט איינשלאָפֿן.

און ער האָט געטראַכט. געטראַכט פֿון פֿאַרשיידענע זאַכן, ווי ס'איז אים אויך אַרויפֿגעקומען אויפֿן געדאַנק האָט־דאָגס.

און אַז ס'איז אים אַרויפֿגעקומען דער דאָזיקער געדאַנק, האָט אים אָנגע־כאַפּט אַזאַ גלוסטונג נאָך קוני־איילאַנד.

ב.

„פֿאַרוואָס טאַקע זאָל איך זיך ניט אַוועקלאָזן קיין קוני־איילאַנד" — טוט ער אַ טראַכט ביי זיך.

טאַקע, פֿאַרוואָס זאָל ער זיך ניט אַוועקלאָזן קיין קוני־איילאַנד? עפּעס האַלט אים עמיצער צו? נעמט ער און עפֿנט אויף די טיר. גייט אַרויס אינדרויסן. איז אַזוי שטיל און פֿינצטער אינדרויסן. נאָר אין הימל שיינט אַזאַ גרויסע זילבער־נע לבנה (לעוואָנע).

הייבט אויף וואָוויק דעם קאָפּ צו דער לבנה, און הייבט זיך אָן דורכריידן מיט איר אויף זיין הינטישן לשון.

ער רופֿט זיך אָן צו איר אַזוי:

— לבנה ליבע, לבנה טייערע, איך שטעל זיך פֿאַר דיר פֿאָר. איך בין וואָ־וויק, דאָס הינטעלע, וואָס וואוין ביי שמואליקן און בּיראָן. לאַבּזיקס מעזוניקל, בּין איך.

— אוי, לאַבּזיקס מעזוניקל — ענטפֿערט אים גלייך אָפּ די לבנה — אויבּ אַזוי קאָן איך דאָך דיין טאַטן, לאַבּזיקן. איך האָבּ אויך געקאָנט דיין זיידן, און דיין עלטער זיידן, און דיין עלטער, עלטער, עלטער, עלטער זיידן. יאָ, איך האָבּ זיי אַלעמען געקאָנט. אַלע אַזוינע פֿיינע הינט, לייטישע הינט. און דו ביזט, הייסט דאָס לאַבּזיקס מעזוניקל? אַזוי, זע נאָר, זע.

דערפֿרייט זיך שטאַרק וואָוויק, וואָס די לבנה (לעוואָנע) קאָן זיין גאַנצע משפּחה (מישפּאָכע) און רופֿט זיך אָנעט אַזוי:

— לבנה טייערע, לבנה ליבע, איך וויל דיך עפּעס בעטן, נאָר דו זאָלסט ניט לאַכן פֿון מיר.

— פֿאַרוואָס זאָל איך לאַכן פֿון דיר? בעט מיך, בעט מיך. — מאַכט די לבנה מיט גוטן.

— איך וויל דיך בעטן — זאָגט וואָוויק — זאָלסט מיר ווייזן דעם וועג קיין קוני־איילאַנד, וואָס דאָס איז די שטאָט פֿון „האָט־דאָגס".

— מען קאָן ווייזן — ענטפֿערט אים די לבנה — אָבער וואָס וועסטו מיר געבן דערפֿאַר?

— וואָס קאָן איך דיר געבן? — דערשעקט זיך וואָוויק — איך בין אַן אָרעם הינטעלע. פֿאַרמאָג גאָרניט, גאָרניט. וואָס שמואליק און בּיראָ גיבן מיר ניט,

דאָס האָב איך ניט. סיידן . . . סיידן . .

— סיידן וואָס? — פרעגט גלייך די לבנה — וואָס האָסטו מורא צו זאָגן?

— סיידן — מאַכט וואָוויק מיט אַ שטיל קול — סיידן איך זאָל טאַנצן פאַר דיר.

— טאַנצן — רופט זיך באַלד אָן די לבנה — אַט דאָס טאַקע, וואָס איך האָב ליב. טאַנצן איז ביי מיר דאָס חיות (כּאַיעס).

נעמט דאָס הינטעלע טאַנצן אַנטקעגן דער לבנה. מיט די פעדערשטע פיס־לעך אין דער הויך. טאַנצט ער און האָפּקעט, שאָקלט מיטן קעפּעלע און קלאַפּט זיך צו צום טאַקט מיט זיין ווײדל.

צעלאַכט זיך די לבנה. איר גאַנץ פּנים לאַכט: כאַ, כאַ און כאַ, כאַ.

— בּראַוואָ, וואָוויק. פאַר אַזאַ שיין טענצל וועל איך דיר שוין וויזן דעם וועג צו דער שטאָט פון די „האָט־דאָגס". דו גיי מיר נאָר נאָך. וואוהין איך וועל גיין זאָלסטו מיר אויך נאָכגיין.

ג.

לאָזט זיך וואָוויק שפּאַנען. מיט אייגלעך פאַרריסן צום הימל שפּאַנט ער. וואוהין די לבנה גייט, אַהינצו גייט ער אויך.

אַזוי גייען זיי און גייען. ביז מען קומט אָן צו אַ גרויסן פּאַרק. וואָוויק איז אַזוי מיד, זעצט ער זיך אַנידער אין ווייכן גראָז זיך אַביסל אָפּרוען. פּלוצלינג אָבער טוט ער אַ קוק: ווי געשריען! די לבנה האָט ניט געסטאַיעט. אַ פינצטע־רער הימל אָן אַ לבנה.

— אוי, אוי, — צעוויינט זיך דאָס הינטעלע — אוי, אוי, וואָס האָב איך דאָ געטאָן! וואָס האָב איך דאָ געטאָן!

און ער פאַרמאַכט די אויגן. זיצט זיך אַזוי און ציטערט, ביז פּלוצלונג דער־הערט ער אַ קול. עפנט ער די אויגן און דערזעט ווי די לבנה איז ווידער דאָ אין הימל, אַ גרויסע, אַ שיינענדיקע.

— קום, וואָוויק — מאַכט זי צו אים — קום. זיך אַביסל פאַרהאַלטן. צוליב די וואָלקנס. ביי זיי, די וואָלקנס, איז גאָר קיין גרעסערער פאַרגעניגן ניטאָ, ווי קריכן מיר גלייך אין פּנים אַריין.

פירט אים די לבנה ווייטער און ווייטער, און ער דערזעט אַ טיפן וואַסער. שווימט וואָוויק אַריבער דעם טיפן, טיפן וואַסער. דערנאָכדעם דעזעט ער אַ הויכן, הויכן באַרג, קריכט וואָוויק אַריבער דעם הויכן, הויכן באַרג. דערנאָכדעם דערזעט ער צוויי גרויסע פערד מיט שאַרפע קאָפּיטעס, פאַרשטעלן אים דעם וועג. הייבּט אָן די לבנה צו שפּריצן קאַלט וואַסער פון הימל גלייך אויף די פערד, און יענע דערשרעקן זיך און אַנטלויפן, ווי אַ וויכער. דערנאָכדעם דער־זעט ער גערדאַליע דעם ווילדן יינגל פון סאַראַטאָגאַ עוועניו מיט אַ זאַק. כאַפּט

געדאַליע וואָוויקן אַריין אין זאַק. ווערט דאָס הינטעלע שיר ניט דערשטיקט אין זאַק. פלוצלונג הייבט אָן דער פייער־וואָגן צו קלינגען און צו קוויטשען. וואַרפט געדאַליע אַוועק דעם זאַק. שפרינגט וואָוויק אַרויס. און דאָ דערזעט ער אַ באַן. כאַפט זיך וואָוויק אַרויף אויפן באַן. פאָרט און פאָרט. און דאָ דערזעט דאָס הינטעלע, אַז עס איז שוין קוני־איילאַנד. און מען קלאַפט און מען האַקט, און מען שרייט, און כוואַליעס שפרינגען. און דער ריח איז אַזאַ גוטער, און מען גיט אים איין האַט־דאָג נאָכן צווייטן, און ער שלינגט, שלינגט, און וויל נאָך, און נאָך, און נאָך . . .

האַוו, האַוו, צעהאַווקעט ער זיך פון גרויס פאַרגעניגן. און פלוצלונג דערזעט ער, אַז די לבנה איז גאָר פאַרלאָשן, און אַז ער איז גאָרניט אין דער שטאָט פון די וואונדערלעכע „האַט־דאָגס", נאָר גאָר ביי זיך אינדערהיים, אויף זיין אייגענעם בעט, וואָס דאָס איז אַ קעסטל מיט שמאַטעס. אַלע שלאָפן. פריידעלע שנאָרכעט מיטן נעזעלע, ווי געווײנלעך. און דער זייגער מאַכט: טיק, טיק, טאַק. טיק, טיק, טאַק.

פאַרשטייט ניט וואָוויק, אַז ס'איז געווען אַ חלום. ביי אים קומט אויס, אַז ער איז טאַקע ערשט געווען אין קוני־איילאַנד, און געגעסן די וואונדערבאַרע האַט־דאָגס. איז אים אַזוי גוט, און ער איז אַזוי פריילעך. צעהאַווקעט זיך אַזש פון פרייד. נישט אין דער הויך צעהאַווקעט ער זיך, כדי ניט אויפצואוועקן קיין מענטשן, נאָר אין דער שטיל, פאַר זיך.

— ה, הי, הי — מאַכט ער מיט אַ שטיל קוויטשעלע — הי, הי, הי . . .



## כאַווער־פּאַווער בוך קאָמיטעט :

**סעמועל אָרניץ** — ערן פּאַרזיצער
**וויליאַם קעסנער** — פּאַרזיצער
**רעגינא גאָלדראַט** — וויצע־פּאַרזיצער
**יעקב לון** — עקז.־סעקרעטאַר
**ס. קלאַפּערמאַן** — קאַסירער
**מ. הוירש** — פּראָט. סעקרעטאַר

---

## עקזעקוטיווע :

**ב. פּרימאַק, דזשעני גלאַדסטאָון** (מיאַמי)
**נאַדיא לון, שלמה מישקין** (ניו־יאָרק),
**מערי ריטשמאַן, גאָלדע און יאַנקל טשערניצקי,**
**נ. קרופּין, חיים קאַטיליאַנסקי,**
**פּ. נעמיראָוו** (ניו־יאָרק), **ראָוז סטעפּקין.**

---

**אַ האַרציקן דאַנק ראָוז סטיינפעלד פאַר מיטהעלפן אַרויסצו־
געבן דעם בוך אין אָנדענק פון איר מאַן פיליפ סטיינפעלד.**

כאַווער־פּאַווער בוך־קאָמיטעט.

